מאַשע שטוקער-פּאַיוק

# גוטן יום-טוב



מאַשע שטוקער־פּאַיוק

# גוט יום־טוב

לידער, סצענקעס און אגדות



בועגאָס איירעס

1957

**פון זעלבן מחבר:**

קינדערלעך, בועֶנאָס־איירעס 1948.

זינגענדיק, בועֶנאָס־איירעס 1951.

פאַרביקע כוואַליעס, בועֶנאָס־איירעס 1954.

# גוט יום טוב!

גוט שול-יאָר! גוט יום טוב
לימודים באַנייטע!
ווי גוט איז צו לערנען:
דאָס פאָלק האָט באַפרייט זיך

פון פרעה דעם רשע
פון קנעכטיש מצרים:
מיר פייערן איצט שוין
אַ יום טוב אַ נייעם.

אין אונדזער מדינה
און ווו יידן וווינען
דערפרייט יום טוב פסח
די יידישע היימען.

ביי ליכטיקע טישן
און ויין כוסות פולע
זינגט אונדזער הגדה
געזאַנג פון גאולה.

— אין שול און צום לערנען!
און יעדער זאָל וויסן:
— שיין איז אונדזער יום טוב
גרויס — אונדזערע נסים!...

# יום העצמאות

יום העצמאות:
— מיין געבוירנטאָג איז היינט
מיט מזל שוין צען יאָר.

קינדער:
— גוט יום-טוב אונדזער בעסטער פריינט
מיר זינגען דיר אין כאָר.

זינגען אלע:
— טראַ לאַ לאַ! איי ווי גוט
מיטן יום העצמאות!

עטלעכע קינדער:
— מיר אַלע קינדער פון דער וועלט
צום יום-טוב ברענגען דיר:
אָט הער און זע וואָס דיר געפעלט —
מתנות אָן אַ שיעור...
טראַ לאַ לאַ!...

א גרעסער קינד:
— מיר האָבן פלייסיק שעהן לאַנג
געצייכנט טייל נאָך טייל.
די מאַפּע נאַ דיר אַ געשאַנק!
— „מדינת ישראל".
טראַ לאַ לאַ!...

יום העצמאות:
(נעמט די מאַפּע)
— אַ דאַנק! אַ דאַנק! ס׳איז זייער שיין!
נאָר איך וויל נאָך עפּעס מיין!...

א מיידעלע:
— דאָס שענסטע ליד פאַר דיר איך טראָג
מיט לויב און ליבשאַפט פול;
געלערנט האָט אונדז טאָג נאָך טאָג
די לערערקע אין שול!
(זי דעקלאַמירט):
אָ, יום העצמאות! אויסגעבענקטער פון דורות
צי זע איך דיך טאַקע, צי חלום איך נאָר
מיר צינדן שוין ווידער אָן אונדזערע מנורות
און מיט די הענט בענטשן דעם נס אויף דער וואָר!
טראַ לאַ לאַ!...

יום העצמאות:
אַ דאַנק! אַ דאַנק! ס׳איז זייער שיין
נאָר איך וויל נאָך עפּעס מיין!...

קינדערלעך:
(פון קינדער-גאָרטן וויקלען פונאַנדער א פאָן)
און איצט אונדזער געשאַנק נעם אָן
מיר האָבן אַלץ אַליין
געמאַכט אונדזער בלוי-ווייסע פאָן.
אָי, זע נאָר, זע ווי שיין!
טראַ לאַ לאַ!...

יום העצמאות:
— יאָ, קינדערלעך, ס׳איז זייער שיין,
נאָר איך וויל נאָך עפּעס מיין!...

6 קינדער:

(טאַנצנדיק פלעכטן אויס אַ מגן-דוד)

מיט שטעקעלעך אַריין, אַרויס,
אין רעדל טאַנצן מיר;
אַ מגן-דוד פלעכטן אויס
און אַלץ לכבוד דיר!...

יום העצמאות:

— אַ דאַנק! אַ דאַנק! ס'איז זייער שיין
נאָר איך וויל נאָך עפּעס מיין!

קינדער:

(טראָגן צו בלומען)

פון אַלע בלומען, ווו אַ שטאַנג
וואָס האָט נאָר אויפגעבליט. —
אַז דופטן זאָל אונדזער געשאַנק
תמיד פאַר דיינע טריט!
טראַ לאַ לאַ!...

יום העצמאות:

— יאָ, קינדערלעך, ס'איז זייער שיין,
נאָר איך וויל נאָך עפּעס מיין!...
— פלעכט זיך אַלע האַנט אין האַנט
— און קומט אין מיין געבוירנלאַנד!...

אַלע:

טראַ לאַ לאַ! איי ווי גוט
מיטן יום-העצמאות!

# מיר קומען צוריק

מיר קומען צוריק שוין, אין שטאָט אַריין קומען,
אַהיים פון צו גאַסט זיין. ס׳האָט אונדז אויפגענומען
פון שמחה צעשטראַלט אויף דער פריי פעטער־זומער.

ווי גוט איז צו האָבן אַ פריינט אַזאַ רייכן!
צו זיינע פאַרמעגנס נישטאָ גאָר קיין גלייכן.
ער הערשט אויף די בערג, איבער טאָלן און טייכן...

זיין ליבשאַפט צו אונדז אין זיין אָטעם דערפילן:
פאַרברענט אַלע צוימען, באַפרייט אונדזער ווילן,
וואָס לאָזט זיך פונאַנדער אין אַלערליי שפּילן.

אין רייטן, אין שווימען, אין שפּרונג און אין קלעטער
און ס׳טראָגט אומעטום אונדז אַנטקעגן דער פעטער
די בעסטע מתנה: אַ גאָלדענעם וועטער.

מיט וואַרעמע הענט גלעט און ברוינט אונדז די גלידער
אין וואַסער,ביים זאַמד, אויף בערג הויך, אינדערנידער
מיר הייבן פונסניי אָן אַלץ אָבער און ווידער.

מיט נייגיר פלינק אומעטום לויפן און שפּרינגען,
מיט רוישיקער פרייד אַלע וועגן פאַרקלינגען,
און טאָג נאָך טאָג ביז — די וואַקאַציעס פאַרשלינגען...

— ביז איבעראַיאָר! אַ דאַנק, פעטערל זומער.
מיט כוחות באַנייטע פון אַלע אַרומען —
אַהיים און אין שול איצט מיר קומען, מיר קומען!

# כ'זוויס שוין

שוין! איך גיי שוין אויך אין שולע.
ווי מיין ברודער, ווייס איך
דעם באַדייט פון אונדזער יום-טוב
פון דעם ליבן פסח.

ס'האָט די לערערקע דערציילט פון
פרעה און מצרים.
און ווי משה איז געקומען
אונדז פון דאָרט באַפרייען.

כ'האָב אין שול זיך אויסגעלערנט
שוין פון אַלע זאַכן.
און איך ווייס שוין אויך פאַרוואָס מען
דאַרף אַ סדר מאַכן.

אויסנווייניק אַלע קשיות
ווי צו פרעגן ווייס איך:
זאָל געזונט זיין אונדזער שולע
און דער יום-טוב פסח!

# מיר קומען

ביים ים, אין די טייכן,
געשיפט זיך, געשווומען
און איצט פון וואַקאַציעס
אַהיים שוין מיר קומען!

פון בערג און פון טאָלן
פון פרייפעלד אַרומען,
מיט שפּראָציקע קנאָספּן
צום אויפבלי מיר קומען.

מיט טוי אָנגעטרונקען,
פון ווינט דורכגענומען,
מיט מאָרגן-געזאַנגען
צעפלאַטערט מיר קומען!

מיט שטראַליקן ווילן
פון פלאַמיקע זונען
צעדורשטע צו אונדזערע
קוואַלן מיר קומען!

די מי אויסגעלאָדן
מיט פלייס אָנגענומען
דערפרישטע צו נייע
לימודים מיר קומען!

מיט „ברוכים הבאים״
די אָרעמס צענומען
אונדז רופן די שולן
— מיר קומען, מיר קומען!

# דער לערער

מאָרגן קומט אַ נייער לערער,
אײַי־אַיי! האָב איך זיך געפרייט
בעת דעם לערנען אַלע קונצן
אָפּטאָן, האָב איך זיך געגרייט.

ביז דער לערער ט'זיך באַקענען
מיט די קינדער פונעם קלאַס,
וועל איך זיך דערווײַלע קענען
מאַכן יעדע שפּיל און שפּאַס..

ערשט אומזיסט געווען מיין פרייד איז,
איידער כ'הייב נאָך עפּעס אָן —
טוט ער באַלד אויף מיר איין קוק נאָר,
ווייסט ער שוין וואָס איך וויל טאָן.

ווי זשע קען ער עס גאָר טרעפן,
איידער ער האָט וואָס געזען?
— הע־הע לערער, דוכט זיך דו ביסט
אויך אַזוי ווי איך געווען...

# דבורהלע

דבורהלע פון בוענאָס איירעס
מיט די גרויסע בלויע אויגן,
רעדט זי, זינגט זי, זיס מחיה
קלינגט איר שטימעלע צעצויגן.

פרעג איך איר: — און יידיש קענסטו?
קוקט זי אָן מיך — בלויער וווּנדער —
און פון מײַלעכל קלאָר און לויטער
שפּילט אויף יעדעס וואָרט באַזונדער:

— יידיש ריידן, לייענען, שרייבן:
אוי! ווען איך זאָל דאָס ניט קענען —
ווי אַ יידיש מיידעלע בין איך
כ׳וואָלט אַזוי זיך שעמען, שעמען!...

ווער איז גלייך צו טאַטע-מאַמע
ווען אַזעלכע ווערטער הערן?
איי! ווען אַלע יידישע קינדער
זאָלן דאָ, ווי דבורהלע ווערן?!...

# מאַמע־יידיש אין שול

קומט די מאַמע־יידיש אין אַ שולע —
הייבט זי אויף מיט שמחה אירע הענט;
שיינען אירע אויגן אויף מיט גדולה:
— זייט געבענטשט, מיין לשון ווער ס׳דערקענט!

און אין קלאַס פאַרבעטן פונעם לערער —
ברענגט זי — מתנות אָן אַ צאָל;
כפלען זיי זיך וואָס אַ טאָג אַלץ מערער —
און זי טיילט איין מיט אַ זיסן קול:

— קינדערלעך, געשמאַקער פון באָמבאָנעס
טריפט מיט זאַפט מיין יעדעס וואָרט און קלאַנג.
ווער ס׳פאַרזוכט עס איינמאָל נאָר, דער קאָן עס
שפּירן שוין דעם טעם אויף יאָרן לאַנג...

כאַפּן זיי די קינדערלעך און שלינגען
נאָך און נאָך פון זאַפטיקן געשאַנק;
צעפּענען זיך מיילעכלעך און זינגען
פאַר דער מאַמע־יידיש אַ געזאַנג.

האָרכט זי ווי זיי לערנען און ווערט מונטער,
שפּרייזט און זעצט זיך צו לעם יעדן קינד;
פול מיט ליבשאַפט האַלט אַ ביכל אונטער,
העלפט די פּענע איינטונקען אין טינט.

און שרייבט אַ קינד אַ יידיש וואָרט אָן, זעט נאָר
אַ רונצל אויף איר פּנים מעקט אָפּ באַלד.
ווו אַ קינד עס לייענט יידיש רעדט נאָר
ליכטיקער צעשיינט זיך איר געשטאַלט.

— ליבינקע, איר זיינט דאָך מיך מחיה!
פליסטערט מאַמע-יידיש אויס פאַרגאַפט.
— שוואַלבן מיינע קינדערלעך געטרייע
אַ געזונט אויף אייך: סאַ נחת איר פאַרשאַפט!...

# מזל

שוין! אין שול אַריין איך גיי.
קויפט מיין ברודער בליי־ערס צוויי
פּונקט די זעלבע, פון איין שניט:
נאָר איך, האָב קיין מזל ניט.

ס׳איז מיין בלייער ניט קיין לייט.
זיינער שרייבט די גאַנצע צייט;
מיינער קוים פון אָרט אַ ריר
רייסט און פּאַטשקעט דאָס פּאַפּיר,

בריעקלט זיך: אוי ס׳איז מיר שווער!
און ער קרעכצט: איך קען ניט מער!
אַלע ווייל: לאָז מיך אָפּ!
און גליטשט זיך פון מיין העפט אַראָפּ...

כאַפּ איך אים מיט פינגער פעסט:
— פוילער! יענעם בלייער זעסט
ווי ער שרייבט דאָרט ריין און שיין,
און ער טאַנצט דאָך גאָר אַליין!
אויף מיין ברודערס העפט ער פליט —
נאָר איך, האָב קיין מזל ניט!...

# גימל־זייען

גימל? זין? אוי וואָס טוט מען?!
כ׳לייען דאָך שוין פלינק און פיין,
און ווי נאָר עס קומט צום שרייבן
שרייב איך גימל שטאָט אַ זין.

און אַ זין שטאָט אַ גימל
כ׳מאַך דעם טעות אַלעמאָל;
און ווי נאָר איך גיב אַ לייען
לאַכן אַלע אויף אַ קול.

כ׳האָב אַ לעקציע אין מיין ביכל:
„ציגל-מיגל״ און איך שרייב:
„ציזל-מיזל״ לאַכן אַלע
און דער נאָמען מיר פאַרבלייבט.

„ציזל-מיזל״! „ציזל-מיזל״!
רופט מיך יעדעס קינד און שפּאַסט
„זין-גאַין״! „זימל-גימל״!
לאַכט פון מיר דער גאַנצער קלאַס.

גוואַלד! ווי מאַך איך מיר אַ סימן?
אויף די אותיות — איך קלער,
אַז ביידע מיטן זעלבן דריידל,
נאָר איינס אַהין און איינס אַהער!

שוין! איך וויס שוין!
ס'האָט מיין ברודער
מיר דעם סימן אויפגעקלערט:
זין דרייט זיך ווי אַ פינעף
און אַ גימל — פונקט פאַרקערט!

# כשלום

— קינד מיינס, וואָס איז דיר געשען?
ווער עס וועט דיין העפט דערזען
ווייסטו וואָס מ׳וועט דיר זאָגן?
אַז דו שרייבסט אַזוי געדיכט
דוכט זיך ס׳פאַלט אַן שיכט אויף שיכט
דיינע אותיות זיך שלאָגן.

ס׳עפנט ברייט דאָס מויל אַ חית
וואַרפט זיך אויף זיין שכן טית
גרייט איינגאַנצן אים פאַרשלינגען;
דער אַרויף און דער אַראָפּ
איין אות אויפן צווייטנס קאָפּ
פון די שורות ווילד זיי שפּרינגען.

אויף אַ מם אַן אַלף ליגט
און דעם אַלף שיעור דערשטיקט
אַזאַ ערשטע מם פון מאַמע.
און אַ וואָרט ניט מען פאַרשטייט
אַזוי שוואַרץ צונויפגעדרייט
פלאָנטערן אַלע זיך צוזאַמען.

און אַזוי אומזיסט צערינט,
ווײַ! אַזויפיל טראָפּנס טינט
נאָר אין פלעקן זיך צעשפּרייטן.
שרייב-זשע ריין! — פיר גלייך די פּען!
אות לעם אות און זאָל מען זען
שמייכלען איין וואָרט צו דעם צווייטן.

אַזאַ שיינער אַלף-בית!
וואָס ער בעט זיך: „קינד מיינס, ווייס!"
— ניט פאַרמיאוסן מען זאָל אים!
ס'זענען טאַקע אַזוי שיין
אונדזערע אותיות, פול מיט חן
ווען זיי שורהן זיך בשלום!...

# ניאָמעלע פּאַיוק

— וואָס אַ טאָג איך לייען בעסער
און אַ יעדער וואָרט פאַרשטיי;
כ׳בין דאָך גאָר געוואָרן גרעסער
זינט אין שול אַריין איך גיי:

וואָס איך לייען שוין אַלץ איבער!
און איך בין ערשט זעקס יאָר אַלט:
איך וועל מיינע גרויסע ברידער,
דוכט זיך, איבעריאָגן באַלד...

כ׳בעט זיך מער ניט: אורי, יונה!
לייען מיר דאָס איבער, גיך!
און ס׳אַ מעשהלעך ס׳אַ שיינע
— ווען איך וויל נאָר — לייען איך.

אָטאָ לייען איך אַצינדער
פון אַ מיידעלע, פון רות:
שפּילט זי זיך מיט אַלע קינדער,
לערנט זיך אין שולע גוט...

ווייס איך שוין פון אַלע זאַכן
וואָס געשען איז אַלץ מיט איר...
אַיי! ווען איך זאָל קענען מאַכן:
איר דערציילן אַלץ פון מיר!...

אַז איך וועל זי ווו דערקענען
– איך בין זיכער מיט איין קוק! —
וועל איך באַלד איר הענטל נעמען
„— איך בין ניאָמעלע פּאַיוק!"

# אַ וווּנדער־רער

מײַן עטעלע איז טאַקע װױל.
איך זע, זי עפֿנט נאָר דאָס מױל
אױף ענטפֿערן דעם לערער װען
ער פֿרעגט איר װאָס.
אוּן עטעלע קען!

איך טראַכט זיך אַלץ: װי קען דאָס זײַן?
װי הערט מען זיך אַזױ גוּט אײַן?
כ׳זע עטעלע, — איך קוּק אױף איר —
אוּן אַלע מאָל עס דוּכט זיך מיר:
צוּם לערערס מױל אַלץ מער אוּן מער
זי ציט אױס אַזאַ װוּנדער-רער...

דערפֿאַר זי רירט זיך ניט פֿוּן אָרט
אוּן פֿאַרלירט ניט זײַנס אַ װאָרט...
כ׳װיל אַלעמאָל איר פֿרעגן: װער?
האָט דיר געשענקט
דעם װוּנדער-רער?

# מרימל

— מיין שוועסטערל, ווייסט איר
איר קענט זי ניט, ניין ?
זי פּאָלגט וואָס מען הייסט איר
און שיין איז זי שיין !

דאָס קעפּל שוואַרץ לאָקיק,
דאָס נעזל — אַ מאָן,
און אויגן צוויי, — ליכטיק
ווערט ווען זי קוקט אָן . . .

ס'אַ מרימל איז דאָס !
ווי שיין זינגט אַרויס
די לידער פון שול, וואָס
איך לערן זי אויס.

די לעקציעס איך מאַך זיך
און מרימל, ווו ?
— זי שפּילט זיך, איך טראַכט זיך :
ווען הערט זי זיך צו ?

און פרעג איך איר ווען שוין,
— אין שפּאַס נאָר כ׳פרעג איר —
און מרימל קען שוין
נאָך בעסער פון מיר!

און זי — איז מיין שוועסטער,
נאָר מיינע, אַהאַ!
די שענסטע, די בעסטע,
נישטאָ נאָך אַזאַ!

# שבת־ליכט



קינדער! קינדער, הערט אַ ווונדער!
ווער וויל זען אַ שיינע זאַך?
קומט אין שטוב צו אונדז אויף שבת;
קומט נאָר פרייטיק אויפדערנאַכט...

ווי מיין מאַמע צינדט די ליכט אָן,
מאַכט די ברכה איבער זיי;
כ׳טו אַ קוק איןביידע פענצטער
ברענען ליכט אין לייכטער צוויי...

טראַכט איך: ווער האָט אין די שויבן
ליכט געצונדן, ווער און ווען?
צייל איך איבער: דריי פּאָר פלעמלעך
אָט וואָס אַ פּאָר לייכטער קען!

ס׳איז פון צוויי ליכט זעקס געוואָרן!
כ׳זאָג אייך ס׳איז אַ שאָד נאָר וואָס:
ס׳איז נישט אונדזער שטוב פון פענצטער
אַלע ווענט אַרום פון גלאָז...

# עטעלעס בעטעלע!...

עס וויל די שיינע עטעלע
צו זיך ניט שלאָפן גיין,
און ס׳וויינט איר קליינינק בעטעלע:
— איך וויל נישט זיין אַליין!

אַ גאַנצע נאַכט איך טראַכט און טראַכט:
מיין מיידעלע ווו איז?
פאַרבלאָנדזשעט אין אַ גרויסער בעט
און בענקט נאָך מיר געוויס.

און ס׳קאָלדרעלע רופט: עטעלע
ב-ר-ר-... קאַלט איז מיר אָן דיר.
קום שלאָפן אין דיין בעטעלע
מיין עטעלע, איך פריר!

# אַ גרעזעלע

פרי שטייט אויף אַ גרעזעלע
אין לויטערן באַגינען;
שטעקט אַרויס דאָס נעזעלע
אַ שמייכעלע אַ גרינעם.

וואַשט זיך, וואַשט אין פרישן טוי,
אַ נויג, אַ בויג צום הימל בלוי,
אַ גוטמאָרגן! זאָגט דער זון —
און אַלע גרעזעלעך אַרום.

# די זון מיטן רעגן

— ס׳אַ וווּנדער אויף וועגן:
די זון מיטן רעגן
איז חבר געוואָרן באַנאַנד.
עס רעגענען שטראַלן,
די טראָפּנס זיי פֿאַלן
מיט טראָפּנדלעך זון האַנט אין האַנט.

דער רעגן צו ביסלעך
אויף דינינקע פיסלעך
ער שפּרינגט הין און הער אויף דער ערד.
די זון דרייט אויס גיכער
די גאָלדענע טיכער,
זי ווישט אָפּ און טרוקן עס ווערט...

ווי גוט איז אַנטקעגן
דער זון מיטן רעגן
זיך דרייען, זיך פרייען אָן שיעור;
ווי גוט איז צו פילן
וויביידע זיך שפּילן
די זון מיטן רעגן אויף דיר!...

# מאָרגן

— ניאָמעלע, ניאָמעלע, זונעלע מיינס,
הער זיך איין, זאָג וואָס וועט זיין
וואָס איך זאָג דיר, וואָס איך בעט
ענטפערסטו מיר: היינט איז שפּעט!
— כ'וועל שוין מאָרגן! טוסט אַ זאָג
מאָרגן! מאָרגן! טאָג נאָך טאָג . . .

— מאַמעלע, איך בין שולדיק, האַ?
וואָס דער מאָרגן איז אַזאַ?
יעדן טאָג פון מיר אַנטלויפט...
אַז ווי נאָר איך כאַפּ זיך אויף,
מעג זיין אין דער פריסטער שעה,
איז דער מאָרגן שוין נישטאָ...

# פרימאָרגן - פריהיינט

— זאָגט די מאַמע: ס'אַ פרימאָרגן!
זע די זון ווי ליכטיק שיינט!
לאַך איך: — מאַמע, ס'איז היינט מאָרגן?
זאָג ווי שיין איז דער „פריהיינט!..."

# מאַ־מאַ!

ווײנט זיך גיטעלע פונאַנדער
און זי צאַפּלט זיך פון שרעק;
ס'האָט מסתּם אַ שלעכטער חלום
פונעם שלאָף זי אויפגעוועקט —

האַלט זי הענטלעך אויף די אויגן
און די אויגן — שטאַרק פאַרמאַכט!
עפּענען זיי — האָט זי מורא:
פינצטער איז אינמיטן נאַכט...

מיטאַמאָל, זי טוט אַן עפן
זעט זי: ליכטיק איז אין וויג,
מיט צוויי ריינע, שיינע פלעמלעך
לויכט אַ לאָמפּ — איר מאַמעס בליק...

און די טרערעלעך אַנטלויפן,
שיקן באַלד אויף זייער אָרט
אין די אייגעלעך — אַ שמייכל
אויף די ליפּעלעך, אַ וואָרט:
— מאַ - מאַ!

# לייזער - בייזער

כ׳האָב אַ חבר, הייסט ער לייזער,
קינדערלעך, איז ער אַ בייזער!
רירט אָן זיינס אַ זאַך און באַלד
מאַכט ער אָן אַזאַ געוואַלד.

נעמט ער ליאַרעמען און שרייען:
— איך וויל קיינעם גאָרנישט לייען!
מיינע זאַכן! מיינס איז מיינס!
זאָל זיך יעדער היטן זיינס!

ווי ער ווערט דאָס אָנגעצונדן!
קוקן אַלע אויף בייז וווּנדער
און מען לאַכט! — ס׳איז דאָך אין שפּאַס!...
ווערט ער מערער נאָך אין כעס.

אַז איך פרעג אים: — זאָג מיר לייזער,
וואָס ביסט עפּעס אַזאַ בייזער?
קוקט אָן לייזער - בייזער: — איך?
איך האָב דען געבייזערט זיך?

# לבנה און שטערנדלעך

(אַ טאַנץ)



**שטערנדלעך:**

— גוט איז אונדז, גוט איז אונדז,
גוט איז אונדז אַזוי,
אין אַ ראָד, אין אַ ראָד
אויפן הימל הויך,
ליכטיק גלאַנצן
מיר און טאַנצן
ביזן מאָרגן בלוי.

— מאַמע!
לבנה!
שײַן אין ראָד אַריין
קום זיך שפּילן,
שוין מיר ווילן
מער אָן דיר נישט זיין!

**ל ב נ ה :**

— קינדערלעך, ווונדערלעך,
שיין איז אייער שפּיל,
מי איך זיך, צי איך זיך
קומען שוין איך וויל.
נאָך אַ ווײַלע
און דערווײַלע
שפּילט זיך רואיק שטיל!

**שטערנדלעך:**

— מאַמע
לבנה
שנעלער, שנעלער שנעל!
רואיק זיינען
מיר און שײַנען
העלער, העלער העל.

ל ב נ ה:

קינדערלעך, קינדערלעך,
מיר פֿאַר אייך זאָל זיין:
ברייטער ברייט, דרייט זיך דרייט
אין לבנה-שײַן.
איילִיק בין איך
שווים איך, שווים איך
שוין אין ראָד אַריין.

שטערנדלעך:

— מאַמע
לבנה
ווער צו אונדז איז גלייך?

ל ב נ ה:

— גאָלדיק שיינע
קינדער מיינע
אָט בין איך מיט אייך!
(טאַנצט אריין אינמיטן ראָד.)

שטערנדלעך:

— גוט איז אונדז, גוט איז אונדז,
גוט איז אונדז מיט דיר;
שוועסטערלעך, ברידערלעך
שטערנדלעך אָן שיעור
און צוזאַמען
מיט דער מאַמען
גליקלעך זענען מיר!

# טאָג און נאַכט

(ט אַ נ ץ)

ווייס און שוואַרץ,
שוואַרץ און ווייס:
טאַנצן, טאַנצן
פאָרנווייז.

פאַר די הענט,
איינס און איינס;
דרייען, דרייען
זיך אין קרייז.

איך אַראָפּ
דו אַרויף;
און מיר הערן
גאָרנישט אויף.

דו אַהין,
איך אַהער;
און עס קומען
מער און מער.

פּאָר נאָך פּאָר
נאָך און נאָך;
טאָג און נאַכט
אַ פּולע וואָך.

פּולע וואָך
שוואַרץ און ווייס;
טאַנצן, טאַנצן
מיר אין קרייז.

# הערעלעך

עס קרימט די ליפּן בערעלע
און ווישט זיך אָפּ אַ טרער;
— עס ווילן מיינע הערעלעך
שוין מיך ניט פאָלגן מער.

ער גלעט זיי מיט די פינגערלעך
און בעט זיך: נו, ליגט איין!
פאַלן לאָקן-רינגעלעך,
אין די אייגעלעך אַריין.

קעמט ער מיט אַ קעמעלע
און שלוכצט: — וואָס זאָל איך טאָן?
לאַכט פון אים אבהמעלע:
— נעם און שלאָג זיי אָן!...

# מיין שיפעלע



האָב איך מיר אַ שיפעלע
אַ שייניניקע געמאַכט
און אַליין מיט מיינע הענט
צום ברעג פון ים געבראַכט.

לייג איך גוטע זאַכן אָן
און לאָז עס שוין אַוועק.
— שווים, שווים! מיין שיפעלע
צום ישׂראל-ברעג.

שוועסטערלעך און ברידערלעך
וואַרטן שוין אויף דיר.
מיין מתנהלע פאַר זיי
פיר, פיר, פיר!

# אַ גרויסע מויד

איך טו אַלץ, דער מאַמע כ׳העלף,
אַז עס שלאָגט דער זייגער צוועלף
גיך צום עסן גרייט דער טיש,
נאָכדעם דאָס געפעס צעוויש,
נעם צונויף די שטיקלעך ברויט,
כ׳בין דאָך שוין אַ גרויסע מויד.
טרעפט זשע וויפל בין איך אַלט? -
— — — אַ יאָר מיט אַ שפּאַלט?
כאַ-כאַ, ניין, אַ טעות גאָר
אַ גאַנצע האַנט שוין
פינעף יאָר.

# אַ קאָלדרעלע

ס׳ציטערן די גרעזעלעך
נאַקעטע אינדרויסן.
בעטן זיך: אַ קאָלדרעלע
ווילן מיר אַ גרויסע!

— אַ קאָלדרעלע ביז הימל הויך!
בעטן זיך מיט טרערן.
— אַ בלויאינקע, אַ לופטיקע,
זאָל אויף אונדז ניט שווערן:
פון זונען שטראַלן ליכטיקע,
וועט אונדז וואַרעם ווערן!

# האַרבסטיקע טעג

די האַרבסטיקע טעג
ניט איך קען זיי פאַרשטייין
זיי רייצן זיך? נאַרן?
פע-פע, ס'איז ניט שיין!
און אפשר אַ שפּיל?
ניט זיי ווייסן אַליין.

אָט שמייכלען זיי וואַרעם,
מען שטראַלט און מ'קוועלט.
מען שיינט אַזוי ליכטיק
ווי פרילינג צעהעלט.
און פּלוצים — אַ שמיץ גאָר
מיט ווינטערדיק קעלט...

אָט ברוגזט מען אָן זיך
און פרעגט זיי: פאַרוואָס?
פאַרכמאַרעט, פאַרצאָרנט,
מיט ווינטן אַ בלאָז.
אינמיטן דערינען —
מיט טרערן אַ גאָס...

און שמייכלט אַ האַרבסט-טאָג
צו מיר ליכטיק, שיין:
— אין דינענקן העמדל
שפּאַצירן קענסט גיין.
קוק איך אים אָנעט: —
גלויבן דיר? ניין!

# װינטל

שלאָפט שוין װינטעלע אַ מידער.
ס׳איז פון לאַנג שוין נאַכט, ס׳איז שפּעט.
אויסגעצויגן אַלע גלידער,
ס׳איז די גאַנצע גאַס זײַן בעט.

האָט ער קאַרג זיך אָנגעלאָפן,
אָנגעשטיפט זיך פאַרן טאָג?
איצטער װילט זיך שלאָפן, שלאָפן
אויך אַפילו אויף אַ ראָג.

לויפן אויטאָס אָן, טרו־טוען
מיט אַן אימפּעט װעקן אויף,
װוּ־און! מען לאָזט אים גאָרניט רוען:
— װינטל־בינטל, טאַנץ אַרויף!...

שפּרינגט ער אויף און דרייט זיך איבער,
און אַ קאָזשעלקעלע מאַכט.
און אַ מידער פאַלט אַנידער:
— כ׳קען ניט מער, אַ גוטע נאַכט!...

# די זון אין ווינטער

מאַמעלע, זע, ווי געפעלט דיר?
אין אַזעלכע גרויסע קעלטן
אַזאַ פראָסט און ווינט צוגלייך
און די זון באָדט זיך אין טייך?!

ניט זי הוסט, ניט זי פאַרקילט זיך,
ליגט זיך, וויגט זיך, אַזוי שטיל זיך
אויפן וואַסערל זיך האַלט:
איז דער זון גאָר קיינמאָל קאַלט?

# פראָסט

— מאַמע זע די מענטשן, זע נאָר
פון די מיילער גייט אַ רויך,
ס׳רויכערן היינט דער און יענער
אַלע, אַלע און דו אויך!?

ווו-זשע זענען די ציגאַרן
אַז פון מויל אַ רויך מען לאָזט?
לאַכט די מאַמע: ס׳איז אַ פּאַרע,
אָט די קונצן מאַכט דער פראָסט.

# ווײנעז שויבן

גיט אַ שײַן די זון פֿון אויבן
ווײַנעז אַזש פֿון פֿרייד די שויבן
— שוין דער פֿראָסט
האָט נאָכגעלאָזט,
באַלד, באַלד,
באַלד, באַלד,
און עס וועט נישט זײַן מער קאַלט!

# ווינטער...

איינאונצוואַנציק טעג אין יוני
ווי עס פירט זיך פון קדמונים —
איז דער ווינטער אָנגעקומען
מיט אַ ווינט און פרעסט אַזוינע.

זעט ער, ס'האַלט זיך האַרבסט אין פּאַקן
ווערט זיין אויג אים פול מיט טרערן
נעמט ער זיך אין האַרצן האַקן:
— ברודער מיינער, כ'קען דיר שווערן

אַז מיר קענען זיין איינײנעם,
כ'לאָז נישט אָפּ דיך, בשום אופן:
האָסט דאָך נישט אין ערגעץ קיינעם
וואָס-זשע, ווו זשע וועסטו לויפן?

— אָסור אויב איך וועל דיר — וואָסי.
כ'ווייס ניט אַז מיר זענען ברידער?
קלאַפּט דער ווינטער זיך חטאתי,
קלאַפּט און ס'פּאַלט דער האַרבסט אַנידער..

# מיין ליאַלקע

ס'איז מיין ליאַלקע שוין אַ מויד
בעקלעך ראָזע, ליפּן רויט,
האָט דאָס קעפּל שיין פאַרקעמט
און — סע וויל נאָר אויף די הענט!

# כ׳האָב צום ווינטער ניט קיין עצה

ס׳איז די זון היינט געל פון זאָרגן
— כ׳האָב צום ווינטער ניט קיין עצה!
פייער לייג איך פון פרימאָרגן
און איך קען גאָרנישט דערהייצן!...

האַלט איך אין איין וואַרפן שטראַלן
וואַרעמענקע, גאַנצע בינטן;
ווייען ווילדערהייט, באַפאַלן,
און צעשלעפן עס די ווינטן...

מאַך איך ברענען שטאַרקער, העלער,
כ׳מוז אַ ביסעלע דערהיצן!
קומען וואָלקנס מיר פאַרשטעלן
און אַ רעגנדל נעמט שפּריצן...

קלייב איך שטראַלן אויס די בעסטע,
שיק אַראָפּ זיי — גינגאָלד ריינער;
קומט אַ בייזער, ווייסער פרעסטל,
כאַפּט זיי אויף די שאַרפע ציינער.

ווערן קינדער שיעור געפראָרן,
לויפן גיכער אין די שטיבער:
— ס׳איז די זון אויך קאַלט געוואָרן,
האָט אונדז, ווייזט אויס, שוין ניט ליב מער.

ברוגזן די טעג און קערן
זיך פאַרפרי אום מיט דער פלייצע,
און איך מוז נאָך קעלטער ווערן —
כ׳האָב צום ווינטער ניט קיין עצה!

# ווינטן

ערגעץ אין דער וועלט אינמיטן
מיט די שטראַלן הייס צעגליטע,
— אונטער הימלען פריי געבאָרן,
ווינט דער ווינט פון כמה יאָרן.

אַז דער ווינט לייגט וועך זיך שלאָפן
האַלט ער שפּעלטלעך אויגן אָפן
זעט ער ווינטעלעך זיך הויבן,
טאַנצן, שיטן זיך מיט שטויבן.
שמייכלט ער זיך, ס׳איז אַ וואונדער?
זאָלן זיי זיך שטיפן, קינדער!
איך בין דען געוועזן בעסער?
אויף אַן אָרט נישט איינגעזעסן...
הוליעט אום מזיקים מיינע
אַבי אַלינקע אינייגעם!

און די ווינטלעך-קינדער לאַכן:
ס׳נעמט דער טאַטע קונצן מאַכן
טוט אַ פּאַך און ס׳ווייען זײַלן,
טוט אַ טראָט און איבער מײַלן
מיט איין שפּרייז ער קען אַריבער.
— אונדזער טאַטע איז אַ גיבור!
פליעסקען מיט די הענט, זיך פרייען.
און אַ ראָד אַרום זיך דרייען,
און מ׳בעט זיך: טאַטע, לערן
אונדז, מיר ווילן ווי דו ווערן!

מאַכט דער טאַטע קליינע שפּרייזן
און מיט ליבשאַפט נעמט זיי ווייזן
גלעט און צערטלט יעדן ווינטל;
לעבט זיך רואיק דאָס געזינדל.

טרעפט אויך ווען אַ וואָלקן-אומעט
כאַפּט זיי אַלעמען אַרומעט:
ווו! ווו! ווו איז אונדזער מאַמע?
— וואַנדערט ערגעץ ווו מסתמא
ענטפערט טאַטע זיי אַ שטילער
און באַרויקן זיי וויל ער.
— צווישן וועלדער, ווילדע גראָזן,
זיך אין ווייטן וועג געלאָזן
נאָך די ווייסע בלויע צוויטן,
וואָס די ביימער שיטן, שיטן
שפּילעכלעך פאַר אירע קינדער.

אפשר לויפט זי שוין אַצינדער
און זי יאָגט זיך, שפּרינגט און קלעטערט
נאָך אַ גאָלדן בינטל בלעטער,
וואָס איז אייך אַזוי געפעלן...
אפשר בערג אַרום פאַרשטעלן
איר דעם וועג, אַהיים צו לויפן?
און זי קען ניט, בשום אופן
און זי מוז דאָרט וואַרטן, וואַרטן
אין אַ תפיסה אַ פאַרשפּאַרטע...

אפשר דאָרט שוין איינגעשלאָפן?
ווי! — ווי! וויפל שוין פאַרלאָפן...
טרייסט דער טאַטע זיי און טענהט
האַלט קוים זיינע טרערן איינעט,
טוליעט זיי אין אָרעמס זיינע:
— קינדער מיינע, קינדער מיינע!

---

איינמאָל, אויסגערוטע זאַטע
נעמען שפּרינגען קעגן טאַטן:
— טאַטע זע ווי גרויס מיר זענען
ווילן מיר די וועלט דערקענען,
דאַרפסט שוין איצט אונדז גאָרניט הייסן
ווי און וווּ, אַליין מיר ווייסן!...

און נאָך איידער עס נעמט טאָגן
און ס׳וויל טאַטע עפּעס זאָגן
זעט ער, שוין, נישטאָ מער קיינער
און געבליבן איז ער איינער —

אַזאַ עלנטער, אַ מידער
פאַלט ער אויף דער ערד אַנידער.
ווער קאָן זען, און ווער קאָן הערן
זיינע קרעכצן? זיינע טרערן
גיסן זיך פון אויגן אָפּן:
— אַלע, אַלע זיך צעלאָפן.

---

און די קינדער-ווינטלעך יאָגן
ווו די יונגע פליגל טראָגן
מיט אַן אימפּעט זיך געריסן,
ווילן אַלדינג זיך דערוויסן
אויף איין פיסל, אין איין ווײַלע
און זיי פליען און זיי אײַלן
איבער ימים, איבער לענדער — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

פאַר דער צייט אַזוי געענדערט
קענען מער זיך ניט דערקענען
ווייסן מער ניט ווער זיי זענען,

ניט אַ פּנים זיי געדענקען
און זיי הייבן אָן צו בענקען
ס׳נעמט אַן אומעט זיי באַפאַלן:
— ווו-ווו, זענען ברידער אַלע?

ווו-ווו, וויי-וויי, ווו זיי קומען
ווייען, וואָיען, פּייפן, ברומען
שטורעמען זיי אָבער ווידער:
— ווו-ווו זענען אונדזערע ברידער?!
וואָס זיי מאַכן, ווילן וויסן
ווילן איבערשיקן גריסן
ווילן ברודערשאַפט דערפילן
און דעם וויי אין האַרצן שטילן
און די נאָגעניש פאַרטרייבן.

נעמען זיי זיך בריוולעך שרייבן,
האָבן זיי ניט קיין אַדרעסן —
שמאַיען זיי דורך די מעת-לעתן,
און עס פליען אום די ווערטער
אומעטום, אין אַלע ערטער
נאָר אַן ענטפער ניט זיי הערן.

צער און צאָרן זיי פאַרצערן
נעמען עלטער, קעלטער ווערן
ווילן וועלטן איבערקערן,
בייגן ביימער, ברעכן צווייגן:
ווו! מיר וועלן מער ניט שווייגן!
און די קרוינען זיי צעטרייסלען
זאָל מען זאָגן, אפשר ווייסט מען?

צי זיי ליגן דאָ באַהאַלטן?
ווו!! מיר וועלן אייך צעשפּאַלטן!!!
און אָט נעמען זיי שוין גלעטן

און זיי צערטלען, און זיי בעטן
זיך מיט גוטן און מיט בייזן,
אָט מיט קאַלטן, אָט מיט הייסן,
ביי די גראָזן, ביי די בלומען:
— ווו-ווו-ווו, אַהינגעקומען,
האַלטן זיי נאָר אין איין פרעגן,
אונדזערע ברידער אויף די וועגן?

און עס וואָגלען אום די ווינטן
שלעפּן זיך אַרום מיט בינטן
— אויף די פּלייצעס, ווי די האָרבעס —
רעשטן, ברעקלעך פולע טאָרבעס
און די אייגענע טריט פּאַרווייען,

ניט זיי שניידן, וואָס זיי זייען,
ניט זיי מאָלן וואָס זיי דרעשן,
וואָס זיי באַקן, ניט זיי עסן.
אונטערוועגנס כאַפּן-לאַפּן
קוים אַ צופּ, אַ זופּ אַ קנאַפּן
און אַ שטיינדעלע אַ ליאַדע
חוזקט אָפּ פון נע ונדע:
— ווינטן, האַלט זיך נאָך אין גרויסן
כי-כי, ווער האָט אייך געהייסן? — — — —
— — — — — — — — — — — — —

און אַ יעדער ווינט באַזונדער
איבער גאָר דער וועלט דער רונדער
הענט אין אַלע זייטן שפּרייט ער.
איינער זוכט אַרום דעם צווייטן
וויינט און וואָיעט אָבער ווידער:
— ווייַ, ווו זענען מיינע ברידער?
לאַנג שוין לאַנג דורך יאָרן, יאָרן
וויי! דעם וועג אַהיים פּאַרלאָרן — — — —
— — — — — — — — — — — — —

# אַ שטורעם אין סאָד

קינדערלעך, אפשר האָט איר אויך געזען
גלייך ווי איך, וואָס ס׳איז דעמאָלט געשען
איך מיין יענעם שטורעם ביי אונדז דאָ אין סאָד?
ניין? באמת ניין? איז מיר טאַקע אַ שאָד.
נאָר מילא, פאַרפאַלן, נו וואָס זאָל איך טאָן?
איך וועל עס אייך דערציילן.
די מעשה הייבט זיך אָן:
אין אַ טאָג —
געשען איז עס טאַקע אין אַ מיטן בייטאָג,
מיטאַמאָל האָבן זיך אַלע אין סאָד דאָ צעקלאָגט.
די גרעזעלעך גיסן און פליסן מיט טרערן
זיי וויינען און כליפּען: מיר ווילן גרויסע ווערן!
מיר ווילן ניט זיין שטענדיק, שמאָלינקע, דינע,
מיר ווילן אויך, אין דערהויך ווי אַנדערע — גרינען!
מיר ווילן שוין מער, ווי ביז איצט דאָס ניט שווייגן!
מיר ווילן דערלאַנגען אַרויף ביז די צווייגן
פון אָט די קוסטן, מיט אונדזערע שפּיצן!
מיר ווילן שוין מער, ביי דער ערד דאָ ניט זיצן!!
— אוי אוי אוי-אוי.
מיר ווילן נאָך וואַקסן אַרויף! אַרויף!
או-או! או-או! אַרויף, אַרויף!
זיי וויינען און כליפּען און הערן נישט אויף:
אוי-אוי!

און עס האָבן זיך צעטרייסלט די רויזן־קוסטן
פולע מיט רויזן: — מיר גלוסטן! מיר גלוסטן
ברייטער און העכער די צווייגעלעך שטרעקן!
מיר ווילן ניט בלויז נאָר מיט ריחות פאַרשמעקן
מיר ווילן! מיר ווילן נאָך וואַקסן, זיך ציען
אַרויף און מיט פרוכטיקע צווייטן צעבליען!
אוי־אוי! אוי־אוי! מיר ווילן אויך פרוכטן!...

און ס׳האָבן די פרוכט־ביימער פריי אינדערלופטן
געשליידערט מיט אימפעט די פירות די זיסע
אַליין פון זיך שטיקער געפליקט און געריסן
געקנאַקט מיט די צווייגן, געפּאַטשט מיט די בלעטער:
— מיר ווילן צעוואַקסן אַרויף טאָן אַ קלעטער!
זיי וויינען אַלץ שטאַרקער: או־או! או־או!
מיר ווילן אויך ווערן אַזוי ווי דער אָמבו!
ווי ער! ווי ער! אַזוי הויך! אַזוי ברייט!!!

און ס׳האָט דער אָמבו זיינע צווייגן צעשפּרייט
אויף און אָפּ, הין און הער זיך אין וויכער צעווייט
או־או, או־או־או! אין אַ ראָד זיי געדרייט
און עס האָבן זיך געשמיסן די שפּיצן פון זיין קרוין
איינע די אַנדערע! — שוין! מיר ווילן שוין:
מיר ווילן! מיר ווילן זיין העכער! זיין שטאַרק,
אַריבערוואַקסן דעם שפּיץ פון יענעם באַרג!!!

און ס׳האָט דער אָמבו זיך געוואָרפן געסאַפּעט,
די רויזן־קוסטן מיט די שטענגלעך זיך געדראַפּעט,
די פרוכט־ביימער — מיט שטראָמען געכליאַפּעט,
די גרעזעלעך — מיט טרערן געקאַפּעט:
— או־או! או־או! סיי גרויס און סיי קליין
אינגאַנצן סאָד — אַ ביטער געוויין:
אוי־אוי! או־או! אַ יאָמער, אַ קלאָג.

האָט זיך דער ווינט מיט שטורעם צעיאָגט
צווישן די פלאַנצן מיט ווילדן כעס:
— אינמיטן דערינען? אַזאַ משוגעת?!
זינט ווינט איז ווינט, צווישן הימל און ערד,
איך האָב נאָך אין ערגעץ, אַזוינס נישט געהערט!
ס'איז נאָר אַ געלעכטער. אַ בושה צו הערן!
עס ווילט זיך זיי אַלעמען, אַנדערש גאָר ווערן?!
דער גרעסער, די שענער!
ווי דער און ווי יענער:
ווו-און! ווו-וויי!!!
און דער ווינט האָט געטאָן זיי אַ ריס און אַ דריי.
צו דער ערד זיי געבויגן אָט לינקס און אָט רעכטס,
דער ווינט האָט געברומט און די ביימער געקרעכצט,
אַ רעגן געפלייצט — אַ שטורעם און... און...
איר ווילט וויסן, וואָס ס'געוואָרן דערפון?

— — — — — — — — — — — — —

ס'איז אַלץ פאַרבליבן אַזוי ווי געווען
ביז אויף היינטיקן טאָג.
קינדערלעך, איר קענט עס אַליין זען
אַז ס'איז אמת וואָס איך זאָג...

# רעגן שרייבט

רעגן, רעגן
כ׳וועל דיר פרעגן:
ווי זעט אויס דיין האַנט?
וויפל פענען
דיינע קענען
שרייבן נאָכאַנאַנד?

האָסט אַוודאי
גלייכע, גראַדע
פינגער אָן אַ צאָל!
זע איך פאַלן
אַלע, אַלע
שורות מיטאַמאָל.

זאָג מיר בעסער,
וויפל פעסער
האָסטו פול מיט טינט?
ס׳פּלאַצן רייפן,
אָן אַן אויפהער
רינט און רינט און רינט.

דיין פּאַפּיר איז
גרוי קאָליר ביז
העלער, העלער ווערט;
פון דיין שרייבן,
זע איך בלייבן
טייכן אויף דער ערד...

# אַ רעגן גייט?

מאַמע זאָגט: „עס גייט אַ רעגן".
פרעג איך: מאַמעלע, ער גייט?
ווער זשע האָט פון זיינעטוועגן
אים אַזויפיל שיך געניייט?

גייט מען, דאַרף מען האָבן פיסלעך,
און אויף פיסלעך דאַרף מען שיך;
באָרוועס גיין איז קאַלט און מיאוסלעך
און אַמאָל, צעשטעכט מען זיך...

לאַכט די מאַמע: ניין, ער פאַלט זיך.
אַזש פון וואָלקן!? שריי איך אויס,
אַ האַ! אַ! דערפאַר ער שפאַלט זיך
און דאָס וואַסער רינט אַרויס...

## הימל־פאַרב

אָפּצופאַרבן אונדזער הויז
אַרבעט טאַטע שוין אַ וואָך.
וויפל פּושקעס פאַרב שפּריצט אויס
און מען קויפט אַלץ נאָך און נאָך...

צו דערלאַנגען צום סופיט
אוי ס'אַ לייטער שטעלט מען אויף
און דער טאַטע טריט ביי טריט
קרעכצט און קלעטערט קוים אַרויף.

וויפל מענטשן, וויפל טעג,
וויפל פאַרב און ווי אַזוי
האָט מען עס גאָר אָן איין פלעק
אָפּגעפאַרבט דעם הימל בלוי?!

# פרי־פרילינג

ס׳האָט דעם פרילינגל פאַרגלוסט זיך
— וואָס אַ קונדס פעלט דאָס איין —
מיטאַמאָל ער נעמט זיך בעטן:
— מאַ; צום ווינטער כ׳וויל אַריין!...

ציטערט איבער אים זיין מאַמע,
ברעכט די הענט זיך: — ווי און ווינד!
צו דעם ווינטער ווילסטו אַהינדער?
ווערסט פאַרקילן זיך, מיין קינד!

נעמט ער זיינע ליפּן קרימען:
— כ׳בין דאָרט קיינמאָל ניט געוועז,
איך האָב דאָך אַפילו איינמאָל
נאָך דעם ווינטער ניט געזען!...

און עס קייקלען זיך שוין טרערן —
נו, אַ מאַמע איז זי דאָך,
וואָרנט זי אים נאָך און טענהט
לאַנג, לאַנג, ביז זי גיט אים נאָך.

און זי נעמט אין וועג אים גרייטן...
— ווייסט ניט וואָס דער ווינטער איז?!
כ׳וועל דיר אויפניייען מלבושים
וואָס פאַרדעקן ביז די פיס —

איינס און צוויי, זי הייבט אָן שטעפּן
ווער האָט נאָך אַזאַ מאַשין?
טיק-טאַק! טיק-טאַק! גלאַנצט די נאָדל
סחורה פון דעם בעסטן מין.

ס׳איז דער שטאָף פון גרינע פּעדים,
ניי און פריש איז דאָס געוועב
און פון אַלערליי קאָלירן,
ראָז און רויט און ווייס די קנעפּ.

און די מאַמע-פרילינג אַרבעט.
ניט זי שלאָפט און ניט זי רוט,
און זי טראַכט דערביי אָן אויפהער:
— ווען מיין קינד דאָס פּאַסן גוט!

טיק-טאַק! טיק-טאַק! ווערן פאַרטיק
בלוזע, הייזלעך און אַ העמד;
— ס׳איז אַ קלייניקייט צו לאָזן
אַזאַ קינד, אוי! אין דער פרעמד!

און אַ רעקל, און אַ מאַנטל
ס׳איז דער טיש שוין איבערפולט:
— מאַמע! קלאַפּט ער מיט די פיסלעך
טופּ-טופּ-טופּ! מיט אומגעדולד.

— ס׳איז גענוג שוין! מאַמע לאָז מיך!
און ער נעמט אויף גיך אַליין
אָנטאָן זיך די אַלע זאַכן:
— שוין! צום ווינטער כ׳קען שוין גיין!...

— וואַרט נאָר פרילינגל, אַ רגע!
לאָזט די מאַמע אים נישט אָפּ

און פון פרילינג-לופט אַ היטל
טוט זי אָן אים אויפן קאָפּ...

און זי ציט אַרויס נאָך פעדים
פון איר גאָלדיק לאַנגגן שאַל
און זיין האַלדז אַרום פאַרוויקלט
מיט אַ וואַרעמינקן שטראַל...

און וואָס נאָר פאַר אירע אויגן —
וואָס דערלאַנגען נאָר זי קאָן
אין די קעשענעס זי שטופּט אים
אַלדאָס גוטס זי פּאַקט אים אָן...

און די קנאָספּן זע פאַרגעס ניט!
— פאַרן ווינטער מיין גרוס
ס'וועט אין וועג זיך שוין צעבליען
גיי! און מיטן רעכטן פוס!...

---

גייט דער פריילינגל און שאַרט זיך
אָ! ס'איז גאָרניט גרינג דער גאַנג
מיט די אַלע זיבן זאַכן —
און ס'געדוייערט אַזוי לאַנג.

גייט ער גיכער, גייט ער שנעלער
קוים-קוים, וואָס די ערד באַרירט,
— ששש! דער ווינטער זאָל ניט הערן
ווי איך עפן אויף זיין טיר!...

היט זיך פרילינגל און גייט זיך,
נענטער, נענטער, שטילערהייט:
— איך וועל באַלד אַריין צום ווינטער!
שפּרינגט ער און ער זינגט פון פרייד.

— איך וועל שטיין אַזוי און קוקן
און וועל זען ווי ער זעט אויס!
עפּנט פרילינגל די טיר אויף
און —
דער ווינטער איז אַרויס — — — — —

---

בלייבט דער פרילינגל פאַרוווּנדערט
שטייט און קוקט זיך גוט אַרום;
לאָזט זיך באַלד אין אַלע זייטן,
זוכט דעם ווינטער אומעטום:

אויף די בייטן אין די גערטנער,
אויף דיביימער אינעם פּאַרק:
— כ׳האָב זיך דאָך געיאָגט אַהערצו
כ׳בין געלאָפן אַזוי שטאַרק

אָנצוקוקן אים כאָטש איינמאָל,
ווו-זשע, ווו באַהאַלט ער זיך?
ווייל עס קען דאָך ניט געמאָלט זיין,
ער זאָל אויסזען פּונקט ווי איך!

אָט אָ זע איך דאָך מיין בלוזקע,
מיינע הייזעלעך ער טראָגט!...
פּונקט מיין רעקל און מיין היטל
אַלץ וואָס איך — אויך ער פאַרמאָגט!...

אוי-אוי! ווען מיין גוטע מאַמע
וואָלט עס וויסן פריער, דאָרט,
וויפל לאַנגע שווערע שטעפּן
וואָלט זי זיך דערמיט פאַרשפּאָרט!...

האָט זי זיך דאָס אָנגעאַרבעט!
מיך אַזוי פאַרגרייט אין וועג!
אַז אַ מאַמע נאָר זי ציטערט
באַ! אומזיסט געווען איר שרעק!...

ווער האָט אויסגעטראַכט אַז ווינטער
איז אַ בייזער, איז אַ!... בער?
ר'איז דאָך גאָר אין מיר געראָטן,
אַזאַ ליכטיקער איז ער!

זונען־שיין אין זיינע בליקן
און ס'אַ וואַרעמינקע הענט;
אַזוי ליב ער נעמט אַרום מיר;
כ'האָב אים אָבער באַלד דערקענט:

כאַ־כאַ־כאַ! אויב דאָס איז ווינטער,
אַזאַ גוטינקער ווי איך?
לאַכט זיך פרילינגל פונאַנדער
— איז דאָך גוט צו שפּילן זיך...

וואָס־זשע האָב איך פאַר אים מורא?
וואָס באַדאַרף איך נאָך דאָס אַלץ?
און ער וואַרפט אַראָפּ דאָס רעקל
און דעם שאַליק פון זיין האַלדז.

— אַ מחיה! אוי, ווי גוט ס'איז!
גרינגער, פלינקער כ'ווער אַצינד!
און אַ וואַרף אַראָפּ די בלוזקע
און דאָס העמדעלע געשווינד.

גוט איז וואָס די מאַמע זעט ניט,
ווי וואָלט זי פאַרשטאַנען גאָר,

איך זאָל קענען ווערן חבר
מיטן ווינטערל, אַ פּאָר?

און ער וואַרפט אַראָפּ די שיכלעך
און די זאָקן פון די פיס;
— זאָלן וווּנדערן זיך אַלע
אַהאַ! ווער מיין חבר איז!...

מיטאַמאָל, דערשפּירט ער עפּעס
ווי אַ ווינטל, וואָס איז דאָס?
דוכט זיך ס'האָט אים אויפן פּלייצקע
עמיצער געטאָן אַ בלאָז?

דרייט ער, פרילינגל, זיך איבער
אויפן צווייטן זייט און באַלד:
פילט ער, ס'נעמט אים דורך אַ פרעסטל
און עס ווערט אים אַזוי קאַלט...

ווערט ער פרילינגל דערשראָקן
און ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן
— בררר!... קאַלט! ער שטייט און ציטערט
און עס קלאַפּט אים צאָן אָן צאָן...

נעמט ער לויפן גיך, אַנטלויפן,
שפּירט ער עמיץ לויפט אים נאָך,
שמייסט אים מיט אַ קאַלטן בייטשל
שאַרפע ריטער: פּאָך און פּאָך!...

— מאַ-מעע! מאַ-מעע! נעמט ער שרייען,
שפּאַלט דאָס וואָרט די לופט און פליט —
הענגט זיך פרילינגל אָן וואָרט אָן:
— מאַ-מעע! מאַ-מעע! נעם מיך מיט!...

פליט די מאַמע אים אַנטקעגן
— מאַלע וואָס אַ מאַמע קען —
און זי שפּרייט אויס איר פּאַטשיילע:
— קינד מיינס, וואָס איז דיר געשען?

שעמט ער זיך, וויל נישט דערציילן
און ער אָטעמט אַזוי שווער;
פּלוצים וויינט ער זיך פונאַנדער:
— כ'וויל שוין ניט צום ווינטער מער!!!

# אַ סוכה־שפּיל

א קינד:
אַלע קינדערלעך וואָס ווילן
אין אַ סוכהלע זיך שפּילן
קומט אַהער און קוקט זיך איין:
וועט איר אויך אין שפּיל אַריין.

6 קינדערלעך:
(שטעלן זיך אוים אין א חית)
צו צוויי קינדערלעך דריי רייען
אָט ווי אין אַ חית מיר שטייען
איינס אין איינעם ווערן ווענט,
פלעכטן אויס אַ דאַך פון הענט.

2 קינדערלעך:
(קעגנאיבער דער טיר)
מיר צום טיר צו, קעגנאיבער
הייבן אויף די הענט אַריבער
צווייגלעך, בלעטעלעך אַ סך
און עס ווערט אַ גרינער דאַך.

אַ פּיצל קינד: (קומט אָן)
ס'איז היינט פריילינג, ס'איז היינט סוכּות?
שטיי איך, גיי איך און באַקוק עס;
ס'איז אַ פריילינג סוכּה, פיין!
גיי איך מיר אַזוי אַריין.

אלע: (זינגען)
זינגען שפּרינגען מיר צו ביסלעך,
ס'איז אַ סוכּהלע אויף פּיסלעך,
ליכטיק, פול מיט זונען-שיין:
אַ גוט יום-טוב זאָל אונדז זיין!

# שמחת תורה

אין הקפות מיר דרייען זיך, דרייען
מיט דער תורה מיר פרייען זיך, פרייען;

טאַנצן און זינגען,
הייבן זיך, שפּרינגען:
טראָט נאָך טראָט —
אין קאַראַהאָד.

יום-טוב שמחת תורה אַצינדער,
פאָנען מיט ליכטעלעך טראָגן די קינדער;

הויך אויסגעצויגן,
הין-הער זיך בויגן,
טראָט נאָך טראָט —
אין קאַראַהאָד.

טאַטעס נעמען לחיים צו-ביסלעך,
יינגער, גרינגער ווערן די פיסלעך;

הייבן זיך, טופּען
האָפּען — הופּען,
האָפּ - האָפּ - האָפּ —
אין קאַראַהאָד.

װעלכער יום־טוב קען זײַן נאָך גרעסער,
װאָס קען זײַן נאָך שענער און בעסער!

און אַלע מענטשן,
װינטשן זיך, בענטשן,
גוטס ביז גאָר —
זאָל זײַן אַ גוט יאָר!

# אַ פייגעלע אויף דראָטן

צווישן שפּיצן סלופּעס, הויכע,
איינס פון אַנדערן אָפּגעטראָטן,
ווו אַ ריז קען נישט דערגרייכן —
גייט אַ פייגעלע אויף דראָטן.

אונטן יאָגן זיך די באַנען,
ס׳לויפן גאַנצע קאַראַוואַנען;
ס׳קלינגען שווערע שטאַבעס קייטן
און וואַגאָנעס איינס אין צווייטן.

ס׳קלאַפּן רעדער! — פאָרן, פאָרן!
ס׳הילכן דורך לאָקאָמאָטאָרן
טראַסק און טרייסל צום פאַרטויבן
אַז עס ציטערן די שויבן.

און דאָס פייגעלע העט אויבן
אַזאַ פיצעלע, אַ דרויבל
פון די דראָטן קוקט אַרונטער
שפּרייזט און שפּרינגט און זינגט זיך אונטער:

— ציף-ציף און אַ דריי זיך איבער,
אויף אַ צווייטן דראָט אַריבער
מאַכט אַזעלכע קונצן-קרייזן:
— ציף-ציף, ווער קען דאָס באַווייזן?

# ניאָמעלע שפּילט אין שאַך



ס'האָט אַ קינד זיך אויסגעלערנט
שפּילן גאָר אַ נייע זאַך;
קינדערלעך, איר מעגט עס הערן
ניאָמעלע שפּילט דאָך שוין אין שאַך!

ליגט די שאַך-ברעט אויסגעצויגן —
קעסטעלעך, קאָלירן צוויי;
עס נעמט שווינדלען פאַר די אויגן
ווען מען קוקט גאָר לאַנג אויף זיי...

גלייכע, שטייפע אין די רייען,
די פיגורן אויסגעשטעלט:
איינער קעגן צווייטן שטייען —
צוויי אַרמייען אויפן פעלד.

אָ! אין שאַך! דאָס צו באַווייזן?!
ס׳ניט אַ שפיל אַזוי זיך גלאַט.
מע דאַרף וויסן ווי עס שפרייזן,
קעניג, קעניגן, סאָלדאַט.

קעניגן שפרייזט איבער גאַסן,
אין דער ברייט און אין דער לענג;
קעניג גייט זיך אום געלאַסן,
ער — דאַרף היטן זיינע גענג...

אויף זיין יעדן טראָט מען לויערט
פון דעם אַנדערן קאָליר,
איז ער וואַך מיט אויג און אויער,
פאָרזיכטיק מיט יעדן ריר.

פערדל שפרינגט אין אַלע זייטן,
ס׳לויפט דער לויפער דיאַגאָנאַל,
קוקט דער טורעם פונדערווייטן
אומגעריכט נישט טאָן אַ פאַל...

טראַכט ער: — ווו זיך איצט פאַרנעמען
אין דער לענג צי אין דער ברייט?

ווו אַ בעסער שפּרייז טאָן קען מען,
און צי אויפן „וועג״ ווער שטייט?

די סאָלדאַטן ווילע יאַטן
שאַרן זיך נאָר ווייסן בלויז;
מיט אַ טריטעלע אַ גלאַטן
נאָר איין קעסטעלע פאָרויס...

דאַרף מען האָבן גוט אינזינען
וואָס אַיעדער איינער מעג,
און פאַר זיך אַליין געפינען
אַלעמאָל דעם בעסטן וועג.

טאָמער מאַכט מען נאָר איין טעות,
שטאַרקט זיך באַלד דער צווייטער צד.
אַט-דאָ קעגנאיבער ווו עס
שטייען אַלע אויסגעשטאַט...

קעניג, קעניגן און לויפערס,
ווי ביי אים דאָ, גלייך אין צאָל.
טאָמער טראַכסטו ניט אָן אויפהער
פאַטערסטו אַלץ מיטאַמאָל...

פאַלט דער קעניג, — אוי חלילה!
קען שוין מער קיין שפּיל ניט זיין.
און אַיעדער פון די שפּילער
היט און האַלט זיין קעניג איין...

שפּילט ער ניאָמעלע מיט אַ סדר
אויפן שאַך-ברעט קוקט און טראַכט;
ביז ער רירט אָן וועמען, איידער
נאָך אַ וואָסער גאַנג ער מאַכט.

קען ער זיצן זיך און קלערן.
רופט אים עמעץ — הערט ער ניט,
און ער הייבט נישט אָן צו ווערן
פונעם שווערן שאַך־שפּיל מיד.

ניאָמעלע שפּילט דאָך שוין מיט גרויסע
און אויך אַלעמאָל — כמעט —
מיט נצחון שרייט ער אויסעט
צו זיין קעגנער: שאַך און מאַט!!!

# אַ ייִנגעלע פֿון גיפּס



אין אַן אָנצוגל, אַ שניפּס,
שטייט אַ ייִנגעלע פֿון גיפּס:
אין אַן אָפֿן ברייטער טיר
און פֿון אָרט זיך נישט אַ ריר.

דרויסן טומלט זיך, ס'אַ רעש:
— ס'איז אין סאַמע צענטער גאַס —
הין און קריק מען יאָגט, מען גייט
און ער שטייט זיך, שטייט און שטייט...

האָט ער שטענדיק ריינע הענט,
איז זיין קעפל גלאַט פאַרקעמט
און די שיכלעך אַזוי ריין
אַז ס'אַ שאָד מיט זיי צו גיין...

ווי זשע נעבעך האַלט ער אויס?
נישט ער קען אַ לויף אַרויס
כאָטשבי אויפן טראָטואַר
און ער — שמייכלט נאָך, דער נאַר!

# לאַנגע הויזן

כ׳בין מיין ברודערל מקנא,
שוין, ער ווערט שוין היינט אַ גרויסער.
וואָס איז בעסערס נאָך פאַראַנען
ווי זיך אָנטאָן לאַנגע הויזן?

מיינט איר אפשר ווייל ס׳איז ווינטער
און עס רעגנט זיך צו ביסלעך,
פרעסט און ווינטן און ס׳איז קאַלט מיר
אין די אָפּגעדעקטע פיסלעך?

ניט געטראָפן, בשום אופן,
באַ! וואָס קען די קעלט מיך אַרן?
אַז מען הייבט נאָר אָן צו לויפן
ווערט אין שפּיל באַלד אַזוי וואַרעם.

נאָר וואָס טוט מען צו די בלאָטעס
שראַמען, ראַצן, רק זיך ציען,
נאָר ווי דווקא אויף צו להכעיס
צו די אויסגעשטאַרצטע קניען.

טרעפט, איך שטיי שוין מיט דער טעקע
גרייט אין שול אַריין צו פליען,
שרייט די מאַמע: — זע ס'אַ פלעקן,
גיכער, וואַש זיך אָפּ די קניען!

אדרבה, ביי אַ גרויסן
ווער זעט ס'אַראַ קניען האָט ער?
אָנגעטאָן זיך לאַנגע הויזן,
און שוין! אַ מחיה, פּטור!...

# בייגל

ס׳האָט בערעלע פאַרעקשנט זיך,
אַ כליפּע און אַ וויין:
— ניין און ניין! ער קאָן אַזוי
אין שול אַריין ניט גיין;
יעדער בייגל האָט אַ לאָך,
וויל ער בייגל נאָך און נאָך!...

לייגט טאַטע אים אין קעשענעס,
די מאַמע אין דער טעקע פול:
— אָט אַזוי אָ, בערעלע?
נו, גיי שוין, גיי אין שול!

נאָר ער כליפּעט: ניין און ניין;
ניין און ניין, ער קאָן ניט גיין.
יעדער בייגל האָט אַ לאָך,
וויל ער בייגל נאָך און נאָך!...

טוט מען אים אויף אָרעמס אָן,
אויף אַקסלען עפּאָלעטן אויך,
בייגל, בייגל, איינס אויף איינס,
ווי אַ פּיראַמיד הויך, הויך
לייגט מען אויף זיין קאָפּ — אַ קרוין.
— נו, שוין, בערעלע, שוין, שוין?

קוקט ער, קוקט ער, קוקט זיך איין:
— ניין און ניין, עס קאָן ניט זיין.
דאָ, אָט דאָ, אין אַרבל־לאָך —
נאָך אַ בייגל קאָן אַריין!...

# אַן איי!...

טאָג נאָך טאָג, אין זעלבער שעה,
שרייט אַ הון אויס: קוואָ-קוואָ-קוואָ!
קוואָ-קוואָ-קוואָ — אַן איי איז דאָ!

— קוואָ-קוואָ, קוואָ-קוואָ, הערט ניט אויף
אויף אַ קעסטל שפּרינגט אַרויף
רופט איבערן גאַנצן הויף:

— קוואָ-קוואָ-קוואָ, אַ נייס, אַ נייס!
הערט און זעט, ס׳איז רונדיק, ווייס;
קוואָ-קוואָ-קוואָ, אָ האָ, ס׳אַ שפּייז!

קוואָ-קוואָ-קוואָ, אָט ליגט אין נעסט
אַן איי, אַן איי, קומט טרינקט און עסט
און באַקט אויס קיכעלעך פאַר געסט!

קוואָ-קוואָ-קוואָ! דריי וואָכן בלויז
זעץ איך זיך און וואַרעם אויס,
קומען הינדעלעך אַרויס!

קוואָ-קוואָ-קוואָ און וויי, און וויי!
קוואָ-קוואָ הילכט אָפּ הון-געשריי:
— גוואַלד! איך האָב געלייגט אַן איי!...

# האָן מיט האָן

קאָפּ צו קאָפּ און האָן מיט האָן
קוקן זיך מיט רוגזה אָן:
— כ׳וועל דיר ווייזן וואָס איך קאָן!

און אַ שפּרונג אַרויף-אַראָפּ,
מיט די שנאָבלען פּיק אין קאָפּ,
און מען לאָזט זיך שוין נישט אָפּ.

איינגעפלאָכטן, פּיק און פּיק,
אין די קעפּלעך פליק און פליק,
פעדערלעך מיט הויט אַ שטיק.

לויפט אַ הון אום קוואָ-קוואָ-קוואָ!
גוואַלדינקעס, וואָס טוט זיך דאָ?
קוואָ-קוואָ, אַזאַ בייזע שעה!

נישט איר ליידט אין הויף דאָ נויט,
נישט אייך פעלט אַ ברעקל ברויט
שלאָגן זיך פון העלער הויט?!

רייסן זיך נאָר האָט אין זין,
קוואָ-קוואָ, ווי אַ הון איך בין;
איר פאַרמיאוסט אונדזער מין!

# אַ קו און אַ הינדל

שטויסט אַ קו איר גרויסן קאָפּ
צו אַ הינדל ביַיז אַראָפּ:
— זע ס׳אַ עמער מילך איך גיב
מו! מיך האָט מען טאַקע ליב!

קוואָ-קוואָ, קוואָ-קוואָ, לאַכט די הון,
קוואָ-קוואָ, ווער ווייסט נישט דערפון?
נישט דו גיסט אַזוי זיך בלויז
נאָר מען מעלקט פון דיר אַרויס
און נישט איינמאָל טוסט אַ שטויס
און דו גיסט אינגאַנצן אויס...

זעסטו איך, כאָטש איך בין קליין,
מיינע אייער כ׳גיב אַליין
און איך שריי אַזש אויס פאַר פרייד:
— קוואָ-קוואָ! עסט געזונטערהייט!

# אַ הינדל

ס׳האָט אַ הינדל אין אַ טאָג
אויף איר מזל זיך געקלאָגט:
— פריי און הויך אַ פויגל פליט
און פאַרוואָס קאָן איך דאָס ניט?

פוך און פעדערן האָב איך מער
איז פאַרוואָס-זשע בין איך שווער?
איך האָב אויכעט פליגל צוויי
און וואָס טו איך אויף מיט זיי?

כ׳טו אַ הייב זיך און אַ לויף,
כ׳וויל אַ פלי טאָן העט-אַרויף;
כ׳פּאַטש מיט פליגל, נאָר אומזיסט:
כ׳בלייב אויף אייגן בערגל מיסט.

פון אַ וואַרעם נעסט אַרויס,
ווי אַ פייגל כ׳פּיק זיך אויס,
כ׳שאַרף מיין שנאָבל דין און לאַנג,
נאָר עס טרילט נישט קיין געזאַנג

ניט קיין הויכן מיר באַשערט —
כ׳בין געבוירן ביי דער ערד.
האָב איך גרויסע פליגל צוויי
און —
און אין קוטשע לייג אַן איי...

# קאַטשקעלעך און הינדעלעך...

קוואַקעט אויפן הויף אַ הון:
— קוואַ-קוואַ! וואָס וועט זיין דערפון?
קאַטשקעלעך און הינדעלעך
זיינען מיינע קינדערלעך.

ס'איז אַ ברכה, צי אַ שטראָף?
איך בין דאָך אַ מאַמע-עוף
נישט דערטרונקען, נישט דערעסן,
און כ'בין טאָג און נאַכט געזעסן

ברייט צעפליגלט אויפן נעסט
אויסגעהיט פון ווינטן, פרעסט,
און געוואַרעמט כ'האָב די אייער;
זענען זיי מיר אַלע טייער!

האָב איך קינדערלעך אַ סך
און כ'קען נאָר איין הינער-שפּראַך,
ווי אַזוי זשע זאָל איך קענען
קאַטשקע-לשון גאָר באַנעמען?

פאַך אַהין און פאָך אַהער.
אַזאַ מאַמע זיין איז שווער.
קוואָ צי קוואַ — ווי זאָל איך ריידן?
אַז איך האָב דאָך ליב זיי ביידן?...

און זיי זענען פאָרט ניט גלייך.
ס׳ציט די קאַטשקעלעך צום טייך!
הינדלעך באָדן זיך אין זאַמדן:
ווי-זשע פיר איך זיי באַנאַנד דאָ?

# אַ רויזן־משפּחהלע

אַ ראָזע רויזן-ביימעלע
מיט רויזן דריי האָב איך:
אַ באָבעלע, אַ מאַמעלע,
אַ קינד אין גרינע שיך...

ס'איז דריי טאָג אַלט די באָבעלע
די מאַמעלע ערשט צוויי,
ס'איז היינט געבוירן קינדעלע
און אַלע שמעקן זיי.

איצט קומען נאָך די אייניקלעך:
די קנאָספּן ווערן לויז,
און פון די גרינע וויקעלעך —
וויקלען זיך אַרויס.

אַ רויזעלע, אַ רחלע
— איך רוף ווי מיר פאַלט איין:
אַ רויזן-ראָז משפּחהלע,
— בליט אין שטוב אַריין!...

# אַ פּאַלמע



שטייט אַ פּאַלמע פול מיט הענט
פינגער אַזויפיל...
ווען איך וואָלט אַזוי געווען
וואָלט איך מיט זיי געשפּילט:

מיט איין פּאָר הענט — אין קייקעלעך,
מיט איין פּאָר הענט — אין זאַמד,
מיט איין פּאָר הענט — אין פּייקעלעך
כ׳וואָלט פּויקן נאָכאַנאַנד.

מיט איין פּאָר הענט — אין דאָמינאָס,
מיט איין — אין פּלאַסטילין;
און וואָס טוט די פּאַלמע, וואָס?
— וויגט זיך הער און הין...

# מוראַשקעס



מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן
אַיעדער וואָס ער קאָן.
מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן
אַ היים מיר גרייטן אָן!

אַ דרויבעלע, אַ ברעקעלע
צום עסן און צום בוי,
אַ בלעטעלע, אַ שטעקעלע
אַלץ טראָגן מיר אַזוי.

מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן...

מיר מיען זיך, מיר ציען זיך
מיט ווייכע שטילע טריט;
מיר דרייען זיך, מיר גייען זיך
מיר ווערן גאָרניט מיד.

מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן...

אין שורות גלייך, פאָרויס! פאָרויס
מיר ווייסן ניט פון שרעק;
און טראָט נאָך טראָט מיר טרעטן אויס
אַ נייעם פרייען וועג.

מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן...

פאַר טירן און פאַר טויערן
מיר שטעלן זיך ניט אָפּ;
מיר קלעטערן אויף מויערן
און פאַלן נישט אַראָפּ.

מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן...

אַ בערגעלע, אַ גריבעלע
— מיר בלייבן קיינמאָל שטיין,
נאָר רונד אַרום מיר קרייזן אום —
נאָר גיין און גיין און גיין.

מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן
אַיעדער וואָס ער קאָן.
מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן
אַ היים מיר גרייטן אָן!

# צום טייכעלע

— וואָס לויפסטו קליין טייכעלע?
וואָס איילסטו זיך, וווהין?
ס'איז אויסגעבעט דיין בעטעלע
דאָ, ווייך און פריש און גרין.

די ביימער קוקן דיר געטריי
אין אייגעלעך אַריין
צי פעלט דיר עפּעס טייכעלע
זאָג, וואָס דו רוטסט נישט איין?

אָט האָבן דיינע טריטעלעך
מיט אימפּעט זיך צעלאָזט;
צי אפשר ערגעץ, דאָרטן ווייט
אַ חבר'ל דו האָסט?...

און ווילסט אים שוין וואָס גיכער זען
און שווימסט מיט אַזאַ שטראָם
אָט ווערסטו מיט די הענטעלעך
אים געבן באַלד: שלום!

# ליקוי־חמה

אין אַ מיטן טאָג אַ העלן
מיטאָמאָל איז אַנגעשוומען
די לבנה, פון דער נאַכט איז
צו דעם טאָג צו גאַסט געקומען.

אָנקוקן די זון איר שוועסטער
בענקט זי שוין פון כמה יאָרן,
טראָגט איר ליכטיק שיינעם פּנים
פון אַמאָל נאָך אין זכרון...

בלייך און מיד פון דער נסיעה
ציט זיך צו די הייסע שטראַלן
נענטער, נענטער און מיט ליבשאַפט
צו דער זון איז צוגעפאַלן...

הילן ביידע זיך אין נעפל
און אַרום אַ ראָד אַ רונדער;
דורך די טונקעלע ברילן זעט מען
אָט דעם ליקוי־חמה וווּנדער.

# ביז...

— כ'ווייס גאָרנישט וואָס מיט מיר איז?
אַלצדינג איז ביי מיר נאָר ביז —
ביז איך קריג אַ וואָסער זאַך
טראַכט איך פון דעם, טראַכט און טראַכט;
ביז איך קריג — אַ פרייד אַזאַ
און דערנאָך איז מיר שוין: באַ!...

„אוי אַ פילקע!" כ'האָב געטראַכט,
און אַז מ'האָט עס מיר געבראַכט
האָב איך זיך אַ שפּיל געטאָן
און שוין! — כ'קוק עס מער נישט אָן...

„איַי אַ טריציקלעט! איַי-איַי!"
מיט אַזעלכע רעדלעך דריי
וואָס עס שטייט און פאַלט נישט אום,
ווען איך האָב עס — אומעטום
וואָלט איך דאַך, איך וואָלט געוויס
אַרומגערעדלט אויף אים ביז —
ביז, מען האָט עס מיר געקויפט
און —

ס'וואַלגערט זיך שוין אויפן הויף...

איצט פון אַן אויטעלע איך קלער
ווען איך האָב אַזאַ ווי ער
ווי דעם שכנס יינגל האָט,
— אַזוי ברייט איז יעדער ראָד
— און נישט דריי רעדער נאָר פיר
איי! ווער וואָלט זיין גלייך צו מיר?

וויל איך וויסן ווי עס איז
ביי די גרויסע, אויך אַלץ ביז?...

# וויג־ליד

(אין מדינת ישראל)

שלאָף און שמייכל קינד מיין טייערס,
אונדזער הימל ווערט שוין בלאָ;
ביסט געבוירן שוין אַ פרייער,
אין אַ מזלדיקער שעה.

פעסט און זיכער איז דער באָדן
וווּ עס שטייט דיין וויג אַצינד,
וואָס דיין טאַטע־מאַמע האָבן
אויסגעלייזט פאַר דיר, מיין קינד.

וואַסער פליסט אויך שוין צום נגב,
נייע היימען בויען זיך,
נייע פענצטער, יעדע רגע
שיינט אויף העלער אונדזער ליכט.

זינגען שוין גאָר נייע לידער
נ'אונדזער טאָל, אויף אונדזער באַרג,
דיינע גרויסע שוועסטער, ברידער:
— וואַקסן זאָלסטו גרויס און שטאַרק!

# אַוועניִדאַ גענעראַל פּאַז

אונדזער הויפּשטאָט בוענאָס אײַרעס
נעמט אַרום די לענגסטע גאַס,
און פֿון אַלע ברייטער, פֿרייער איז:
די אַוועניִדאַ גענעראַל פּאַז.

וויקלט זיך דער זון אַנטקעגן
דאָ אַראָפּ און דאָ אַרויף;
אַלע ברעגן פֿון די וועגן
שליסן זיך מיט איר צונויף...

גלאַנציק גרינע גרעזעלעך זאַטע
הייבן זיך פֿון יעדער זייט;
שמייכלט דער אַספּאַלט אַ גלאַטער —
„פּאַז" — איז שלום דער באַדייט!...

צוימען־סלופּיקלעך אינמיטן
ציִען זיך די גאַנצע לענג,
טאָג און נאַכט געטריי זיי היטן
ס'זאָל נישט ווערן דאָ צו ענג.

פֿאָרט מען אויף איין וועג אַהינצו
אויפֿן צווייטן העלפֿט צוריק;
שלום גיט אונדז די פּראָווינץ און
האַנט אין האַנט — אַ ווייסע בריק...

שפּרייט פֿונאַנדער ווייסע אָרעמס
אַרום שטאָט די לענגסטע גאַס
גריסט אַ יעדן: שלום! שלום!
די אַווענידאַ גענעראַל פּאַז.

# טביה דער מילכיקער

טביה:

(פאָרט אַן מיט אַ וואָגן און מילך־קאַנען)

ווי עס הייבט נאָר אָן צו טאָגן
יאָג איך מיט מיין פערד און וואָגן,
הין און הער, גאַס איין, גאַס אויס,
וויאָ! די שטאָט איז אַזוי גרויס!
— כ'שטעל זיך אָפּ פאַר אַלע טירן
אַלע קונים כ'דאַרף צעפירן
קעז און פּוטער, מילך אָן שיעור
יעדער איינער וויל וואָס פרישער.

(שרייט)

העי, העי! שטייט אויף! ווער וויל קויפן?
פּעפּערס! נאָכדעם דאַרפט איר לויפן
און איר יאָגט זיך נאָר און יאָגט
— רק עס איז אייך קורץ דער טאָג!

(שרייט העכער)

טביה! טביה דער מילכיקער!
ווער וויל מילך און פּוטער ווער?
פּוטער פון היינט אינדערפרי,
מילך אָט נאָר וואָס פון די קי!
וויאָ!!!

(עס לויפט אָן אַ מיידעלע)

אַ גוטמאָרגן, טביה גוטער,
כ'וויל אַ שטיקל פרישע פּוטער
ברויט מיט פּוטער, זאָלן כ'באַשיט
עסט מיין קינד מיט אַפּעטיט.

א ייִנגעלע:

(מיט אַ מילך־טאָפּ)

ס'קען די מאַמע איצט נישט קומען
מיט די קינדער איז פאַרנומען
נאָר זי וואַשט און ראַמט און קאָכט.
טביה, נאָך אַביסל. נאָך!...

(ס'לויפט אָן מיט אימפּעט אַ מיידעלע)

— טביה מילכיקער, טביה ליבער,
לאָז מיך אָן קיין מילך נישט איבער,
גיט מיר אָן דאָס טעפּל פול
גיך — מיין קינד דאַרף גיין אין שול.

(נאָך איינע מיט אַ טענה)

מיר גיב סמעטענע, אַ קעזל
דוכט זיך האָסט אָן מיר פאַרגעסן.
כ'קויף ביי דיר אַזוי פיל יאָר
און דו, דו פאַרגעסט זיך גאָר!

(אַ מיידעלע לויפט אָן מיט געפילדער)

טביהנקע, אוי גוואַלד געשריען
כ'דאַרף די מילך נאָך איבערבריען
און מיין פיצל רייסט זיך, שרייט,
האָב רחמנות, זיי אַ לייט!...
טביה, נו, נו! ריר זיך דאָרטן,
ס'קען מיין קינד שוין מער ניט וואַרטן.
הערט אַ מעשה, אַזאַ זאַך,
ס'עסט שוין ניט אַ גאַנצע נאַכט.

אלע:

טביה, ביסט גאָר טויב געוואָרן?
גוואַלד! מיר ווערן דאָ פאַרפראָרן
אַזאַ וועטער קאַלט און נאַס
ווער קען שטיין גאָר אויף דער גאַס?

**טביה:**

**גוטער וועטער, שלעכטער וועטער,**
**איך מאַך פּופּצן קילאָמעטער,**
**טרייב דאָס פערדל, יאָג און פּאָר,**
**וויאָ־וויאָ! דאָס קען טביה נאָר...**

(איינע קאַלופּעט דערווייל פון קעזל און עסט)

**— אַי, ס'אַ קעזל! אַן אַנטיקל!**
**כ'וועל פאַרזוכן נאָך אַ שטיקל**
**אין מויל אַריין אַליין עס פאַלט**
**אוי — שוין אויפגעגעסן באַלד...**

עטלעכע פּאַראַמאָל:

(שטופּן די הענט אין וואָגן)

**לאָז, מירן אַליין זיך נעמען,**
**דו וועסט אַלעמען ניט קענען**
**געבן אַלצדינג, סיי ווי סיי**
**און געווינסט נאָך צייט דערביי...**

**איינע:**

(דערשרעקט זיך)

**ס'וועט פאַר מיר שוין גאָרניט בלייבן.**

(אויף אַ קול)

**טביה! אוי, וואָס לאָזט איר קלייבן,**
**טשעפּען מיט די הענט? עס איז**
**ניט היגיעניש... פוי, ווי מיאוס!**

טביה:

(מיט כעס — אַרבעט די גאַנצע צייט —
קען זיך קיין עצה נישט געבן)

— נו, אַ מעשה ווי־אַ אַ מעשה!
אפשר זאָל איך זיך צערייסן?
הערט נאָר, זעט נאָר ווי עס ברענט
וואָס זשע, איך האָב דרייצן הענט?

אַ יינגעלע:

(כאַפּט אַ קוק אויפן זייגערל)

— אָוואַ! ס'איז מיר שפּעט געוואָרן,
כ'דאַרף נאָך צו דער אַרבעט פאָרן
מיטן טראַמוויי אַזוי ווייט;
טוט אַ טובה, כ'האָב קיין צייט.

אַ מיידעלע:

(מיט אַ היפּשע ליאַלקע, וואָס
האַלט אַ ברויטל אין הענטל)

— ביסט אַ טאַטע? זאָג אַליין נאָר
טביה, האָסט אַ האַרץ אַ שטיין נאָר
זע, מיין קינד איז דאַר און קוואַר,
ווייל עס הונגערט, נאָר דערפאַר.

טביה:

— וויאָ! וואָס זיינט איר מיך באַפאַלן?
איינער הינטערן צווייטן — אַלע!
גיכער, שטעלט זיך אויס אין ריי
און כ'צעטייל אייך, איינס און צוויי...

אַ פּאָר מיידעלעך:
— רייען, רייען, ווידער רייען
אַט אַזוי אַ נאָר מיר שטייען.

איינע:
כ'האָב שוין ניט קיין כוח מער
נו שוין טביה, גיב אַהער!

טביה:
נאַ דיר מילך אַ פערטל ליטער,
נאַ דיר סמעטענע, נאַדיר פּוטער:
נאַט אייך אַלעמען, נאַט, נאַט!
טרינקט און עסט זיך אָן צו זאַט...

(צוויי קוגים, נאָכן קויפן, שטעלן זיך שמועסן)
וואָס־זשע מאַכט עפּעס ס'געזינדל?
און דיין הענדל און דאָס הינדל,
לייגט זיך טאַקע אַלע טאָג?

(די צווייטע הייבט איר פּעקל)
— אוי ווי שווער, קוים וואָס איך טראָג...

טביה:
פריער איילן זיי סכנות!
(קרימט נאָך)
„טביה גיכער! האָב רחמנות!"...
ווי מען בעט זיך און מען שרייט,
נו, אַצינד האָט איר שוין צייט?

שוין! שוין לײדיק אַלע קאַנען
וויאָ מיין פערדל, וויאָ פון דאַנען
וויאָ צוריק אין דאָרף אַריין
מ'דאַרף דאָ מאָרגן ווידער זיין!

**וויאָ! וויאָ!!!**

(אַלע באַגלייטן אים מיט די איינגעקויפּטע
זאַכן אין די הענט, — זינגען אין כאָר)

טביה מילכיקער, טביה גוטער,
פאָר און ברענג אונדז מילך און פּוטער
און פון אַלדאָס גוטס שוין גרייט:
פאָר און קום געזונטערהייט!

# ל״ג בעומר

(ר׳ עקיבא און קינדער וואָס טוען די אַלע פאַרשיידענע
גאָרטן־ און פעלד־אַרבעטן)

ר׳ עקיבא:

— אָ, קינדער, וואָס טוט איר אַזוי פרי אין גאָרטן
איר שפּרייזט און רייסט און איר שפּרינגט פון בייט צו בייט.

קינדער:

— די גרינסן די בעסטע פון אַלערליי סאָרטן
מיר פלעקטן, מיר מאַכן אין בינטעלעך גרייט.

ר׳ עקיבא:

זאָגט קינדער וואָס קלעטערט איר הויך אויף די ביימער
איר קנאַקט מיט די צווייגן, איר שפּרינגט און איר רוישט?

קינדער:

— מיר רייסן די צייטיקע פרוכט פאַרן עומר
מיר קלייבן, מיר פילן אָן אַ קויש נאָך אַ קויש.

ר׳ עקיבא:

— ווי פריילעך ס׳צעטראָגן זיך אייערע קלאַנגען
אויף פעלדער איר בייגט זיך אַראָפּ און אַרויף?

קינדער:

— מיר שניידן די ערשטע, די גאָלדענע זאַנגען,
מיר הייבן, מיר בינדן אין סנאָפּעס צונויף.

(קינדער שטעלן זיך אויס צום מאַרש)

ר׳ עקיבא:
— און איצטער, באַלאָדן איר לאָזט זיך אויף וועגן,
אין רייען מאַרשירט איר און שפּאַנט נאָכאַנאַנד?

קינדער:
— מיר איילן זיך אונדזערע ברידער אַנטקעגן
וואָס בויען פאַר אונדז אויף אַ היים — אונדזער לאַנד!

ר׳ עקיבא:
— פאַר וועמען דער עומר, זאָגט קינדערלעך ליבע,
ווער זיינען די כהנים, בית המקדש — פאַרברענגט?

קינדער:
— דאָס זיינען דאָך דיינע תלמידים, רב עקיבא,
מיט תורה אין האַרצן און גבורה אין די הענט!...

ר׳ עקיבא:
— אָ, מיינע תלמידים! איר זענט מיר אַלע טייער,
די זון פונדאָסניי אייך די פּנימער באַשיינט.

קינדער:
— מיר טראָגן די ברכה פאַר אונדזערע באַפרייער
זינגט העכער! דער יום־טוב ל״ג בעומר איז היינט!

# מתן בסתר

משה גליקמאַן — אַ מתנה.

— קינדערלעך, ס'איז נים קיין מעשה
פון אַ שרייבער אויסגעטראַכט,
און אַזוי ווי היינט איז פּריימיק,
אַזוי אמת איז די זאַך...

ס'וועט אַ זיידע נישט דערציילן
סתם אַזוי זיך, צוליב וואָס?
כ'וויל נאָר, אַז אירט ווערן גרויסע
גוט געדענקען זאָלט איר דאָס.

ס'האָבן אונדזערע חכמים
לאַנג פאַרזאָגט אונדז וועגן דעם
— „אַז דו ווילסט אַ מענטשן העלפן
מיט דיין הילף אים נישט פאַרשעם!"

און דאָס הייסט „מתן בסתר"
ס'איז אַ גרויסע מצווה, און —
טוסטו צדקה, דאַרף עס קיינער
מער נישט וויסן גאָר דערפון...

דאָס האָט דעמאָלט זיך פאַרלאָפן
מיט מיין באָבען און מיט מיר

כ'בין אַ קלענסטער געווען נאָך
פון, מסתמא, אַ יאָר פיר.

און אפשר, כ'ווייס? פון פינף, צי זעקס יאָר
ווער געדענקט עס שוין גענוי?
און די מעשה אויף אַן אמת
איז געשען מיט אונדז אַזוי:

דעמאָלט נאָך אין יענע צייטן
ז'ניט געווען אַלץ צו דער האַנט
אַזוי גרינג, ווי היינט אַ שטייגער,
אויף אַ קנעפּל אין דער וואַנט.

טוסט אַ דריק, און ס'ווערט באַלד ליכטיק,
ווילסט, ברענט איין לאָמפּ, ווילסטו — צוויי,
ווילסטו אָנצינדן נאָך מערער —
טו דעם שליסל נאָך אַ דריי...

און מען וואונדערט זיך שוין מער ניט
גאָר אַפילו ווי עס ברענט,
מעג מען ווייס איך וויפל לאָמפּן
מיטאַמאָל צעצונדן זען...

אָבער נאָך אין מיינע צייטן
דאָרט אין שטעטעלע ביי אונדז,
אַז ס'זאָל אַזוי ליכטיק ווערן
איז געווען שוין גאָר אַ קונץ.

ניט געווען נאָך קיין עלעקטרי.
ווער האָט עס געוווּסט פון דעם?
פלעגט מען שטיבעלעך באַלייכטן
מיט אַ לאָמפּ פון קעראָסין.

און אַ יעטוועדע משפחה
האָט אַזאַ מין לאָמפּ געהאַט.
ווער אַ גרויסן, ווער אַ קלענערס,
און ווער אָט — אַ לעמפּל גלאַט...

און אַזוי אָ פלעגט ניט זעלטן
ברעקלען זיך דאָס קנייטל אויך
און דאָס גלעזל זיך פאַרקאָפּטשען —
ווערן טונקל שוואַרץ פון רויך.

עס פלעגט קוים די שטוב באַשיינען
מיט אַ רויטלעך טונקל שיין;
פלעגט מען עפּעס ווען גוט זען,
איז כאָטש קריך אין לאָמפּ אַריין.

נאָר מיין באָבע, אָ, מיין באָבע!
ווער האָט זי דען ניט געקענט?
אַז די גוטע מידות אירע
האָבן ווייט אַרום געשמט...

יהודית איז געווען איר נאָמען,
נאָר גערופן האָט מען איר:
„יהודיתל", אַזוי פאַרצויגן
און מיט ליבשאַפט אָן אַ שיעור...

און מיין באָבע — ווייל איז יענעם
אַזאַ באָבע ווער עס האָט,
אַיי האָט זי געהאַט אַ בליצלאָמפּ,
כ'זאָג אייך — איינער אין דער שטאָט!

אַז זי האָט אים אָנגעצונדן
באמת! ס׳ניט קיין שפּאַס!
האָט דאָס ליכט אַ פּלייץ געגעבן
דורכן פענצטער — ביז עק גאַס.

— — — — — — — — — — — — —

פלעגט עס אונדזער בליצלאָמפּ לויכטן!
מיט אַ לעבעדיק פריילעכע שיין!
ווי די באָבע צינדט אים אָנעט
קומט דער טאָג צוריק אַריין...

יעדן אָוונט, פונדערוויטנס,
האָט מען אונדזער שטוב דערקענט;
זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך,
יעדע נאַכט — דער בליצלאָמפּ ברענט.

נאָר, ווי דאָנערשטיק קומט — מאָדנע —
כ׳קוק זיך איין, דער טאָג פאַרשווינדט,
און די באָבע ט׳זיך פאַרגעסן,
ניט אַ שוועבעלע זי צינדט?!

קלער איך זיך, געווים פון מידקייט
האָט די באָבע זיך פאַרטראַכט.
מילא, וועל איך זיך שוין פריער
לייגן שלאָפן היינטיקע נאַכט...

אַז דעם גאַנצן טאָג זי אַרבעט.
כ׳ווייס ניט ווי אַ באָבע מעג
האָרעווען אַזוי אין קרעמל,
הייבן שווערע לעדער־פעק.

האָט צו טאָן אַלץ מיט די קונים;
ס'איז אוודאי איר צו שווער,
נאָר זי וויל עס ניט דערציילן
און זי אַרבעט מער און מער...

---

ווידער זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק,
מיטוואָך, און דער בליצלאָמפּ ברענט,
און אויף דאָנערשטיק איך וואַרט שוין
און — דאָס זעלבע איז געשען...

פינצטער, פונקט ווי פאַראַכטאָגן,
וווּנדער איך זיך און איך פרעג:
— זאָג מיר, באָבע, וואָס איז אַנדערש
דאָנערשטיק פון אַלע טעג?

טוט די באָבע קלוג אַ שמייכל:
— זונעלע, ביסט נאָך צו קליין.
מירצעשעם, וועסט זיין אַ גרויסער,
וועסטו דעמאָלט דאָס פאַרשטיין...

הערט אַ מעשה: זיין אַ גרויסער!
אַזוי גרינג עס רעדט זיך נאָר.
ווער האָט דאָס געדולד צו וואַרטן
אַזוי פיל צייט ביז דעמאָלט גאָר?

אָט אַן איינפאַל פון אַ באָבע;
אַלע טאָג מען וואַקסט דען אויס?
מעסט זיך היינט און מעסט זיך מאָרגן
דוכט זיך אַלץ די זעלבע גרויס...

סיידען, ווען די הייזלעך ווערן
פּלוצים אַזוי קורץ און ענג,
און די מאַמע לאָזט אַרויסעט
פון דער ברייט און פון דער לענג.

דעמאָלט כאַפּט מען זיך ערשט! — זעט נאָר
אויסגעוואַקסן מיטאַמאָל!
קיין עין־הרע! ס'אַ בחור!
ס'ווערט אויף אים אַלץ ענג און שמאָל...

טראַכט איך זיך: ביז דעמאָלט וואַרטן?
ניין! ס'איז ניט פאַר מיר קיין פּלאַן;
דאָס וואָס דאָנערשטיק בלייבט פינצטער
איז זיך עפּעס דאָ פאַראַן...

נייגעריק געווען כ'בין דעמאָלט
ווי איר הייגט, איך זע דאָך, אָט...
קינדערלעך, האָב איך געחלשט
זיך דערוויסן פון דעם סוד!...

און געטראַכט כ'האָב טאָג און נאַכט און —
איך האָב מער שוין ניט גערוט,
פּלוצים איז מיר איינגעפאַלן:
— שוין! איך ווייס שוין וואָס מען טוט.

---

איינמאָל, דאָנערשטיק פאַרנאַכט צו,
אויפן באַרג פון לעדער־פּעק
האָב איך מיך אַרויפגעקלעטערט
און זיך דאָרטן גוט פאַרשטעקט.

ליג איך זיך אַזוי באַהאַלטן,
— איך מוז הייגט זען ביזן סוף!
טאָמער וועט מיך ווער דערזען דאָ,
מאַך איך זיך, אַזוי ווי כ'שלאָף...

מיטאַמאָל, ס'איז שוין גוט פינצטער,
זע איך ווי די באָבע שטייט
אין אַ ווינקל, לעם דער שאַפקע,
אין פאַטשיילע איינגעדרייט.

רוק איך זיך צו נענטער, נענטער,
און איך קוק — וואָס קומט דאָ פאָר?
כ'הער מיט שטילע טריט מ'שאַרט זיך
און אָט ערשט דערזע איך גאָר.

אַז דאָס טירל פון דער שאַפקע
באָבע עפנט נאָכאַנאַנד;
נעמט אַרויס פון דאָרט אַ פּעקל,
לייגט אַריין אין וועמענס האַנט...

און אַ יעדערן באַזונדער
מיט אַ ברכה זי באַגלייט;
רק עס מורמלען אירע ליפּן:
— געזונטערהייט! געזונטערהייט!

און אַזוי אָ האָט מיין באָבע
אַלע, אַלע, סוף פון וואָך —
פּעקעלעך מיט מעל, פלייש, פיש און...
און — ווער ווייסט וואָס אַלץ נאָך?

ערב שבת, לכבוד שבת,
מיט אַ פולער האַנט פאַרטיילט
'מתן בסתר" איז די מצווה,
וואָס איך האָב פאַר אייך דערציילט.

---

ווער אין נויט — דער איז געקומען
און ס'האָט די באָבע ניט געזען
ווער ס'האָט איר געשאַנק גענומען,
וועמענס האַנט דאָס איז געווען.

# כלים

ס'האָבן כלים אין אַ קיך
היים צעפּלאַמטע אויף דער גיך
אָנגעהויבן קריגן זיך:
— וועמען האָט מען ליבער? — מיך!

מיך און איך אַ יעדער שרייט,
האַלט זיך פאַרן גרעסטן לייט;
אויפן פייער זייט ביי זייט
סיקען אַזש ביז מיטיק־צייט.

קעגן מיר איז יעדער נול —
בולבעט טשייניק: בול־בול־בול.
איידער נאָך מ'גייט אין שול
זיד איך שוין מיט וואַסער פול.

און דערנאָך סע גייט אַ גאַנג:
מאַטע, קאַווע, טיי־געטראַנק;
כ'קום נאָך יעדערנס פאַרלאַנג,
אויך אַפילו ווען מ'איז קראַנק...

שמייכלט זיס אַ פענדל: נו,
אַרבעט איך ניט וויפל דו?
אָבער ס'אַר אַ ווערט האָסטו
ווען מ'גיט דיר גאָרנישט צו?

— ווייסעך, וואָסער יעדער האָט.
ס'איז פאַר קיינעם ניט קיין סוד:
קינדער ווילן זיסוואַרג, אָט
קוויקן זיך מיט מיין קאָמפּאָט.

— העי, ס'אַ גדלות עס פאַרמאָגט!
נאָר אַ צוגאָב ביסטו, זאָג.
ווער איז ס'הויפּט מאכל פון טאָג
און דעם גאַנצן עול ווער טראָגט?

איך! — שפּרינגט ווילד צעקאָכט אַ טאָפּ
ס'גייט אַ פּאַר אַזש פון זיין קאָפּ.
וואַרפט פאַרשוויצטן הוט אַראָפּ:
— און די זופּ, ווער קאָכט דאָ אָפּ?

שפּריצט פּאַטעלניצע: — צאַ־צאַ!
הערט אַ שטותעריי אַזאַ:
ווער האָט ליב דיין מאכל, האַ?
העלפט מיר לאַכן: כאַ־כאַ־כאַ!

— טפּו־טפּו, ניט פאַר מיר גערעדט!
הערסט ניט ווי די קינדערלעך
שטויסן אָפּ דיך און מען לאַכט:
— ווער האָט זופּ גאָר אויסגעטראַכט?

זעסט, אַן מיר איז אַליך געווענדט;
ס'טאַנצט מיין בוימל אַז סע ברענט,
כ'בין ביי קינדער אָנערקענט;
מיין ביף רייסט מען פון די הענט...

— ס'איז נאָך בעסערס אויף פאַראַן... —
גאָרגלט זיך אַ זייער פאַן
פול מיט גריבעלעך: דורך וואַן
זייט מען לאָקשן אונטער קראַן?

און מיין יחוס איז גאָר גרויס:
טאָג נאָך טאָג מ'קוקט מיך אויס;
לאָקשן קוגל מאַכט מען בלויז
ווען ניט ווען אַמאָל אין הויז...

— טס...טס... טס דער בראָטער בריט
רויט פאַר כעס אין פייער גליט:
רייץ איך ניט דעם אַפּעטיט
פון די קינדער — יאָ, צי ניט?

זינגט איך שטיי אויף מיינע פיס
„ווען ניט ווען" אַ מעלה איז?
מיין געבראָטנס ווערט ניט מיאוס
אַלע טאָג כאָטש גיב זיי ביז...

— ביז בוז בוז, אוי הער נאָר, הער
גוואַלד! איך קען ניט הערן מער
לויפט דער מילך־טאָפּ: זאָגט מיר, ווער
ליגט זיך אין דעם מאָגן שווער?...

ווער שטייט אויף נאָך אַזוי פרי,
וויפל מילך טאָג־טעגלעך ברי,
נישט איך זשאַלעווע פיי־ווי
פאַר די קינדערלעך מיין מי!

און מען היצט זיך, שפּריצט זיך סתם
— יעדער מאכל האָט זיין טעם —
ווערט אַזאַ מין טאַראַראַם
פון די כלים פייער פלאַם —

נאָר אין סאַמע היק־האָק־הויך
גיט דער טיש זיך אַ פאַרפויך,
אויסגעשטעלט מיט אַלדאָס גוטס:
— קוקט אָן ווער עס ברענגט מער נוץ.

אויף אַ טישטעך אויסגעשפּרייט
צווישן בלאַנקע טעלער גרייט
שיינען לעפל אויף מיט פרייד
און עס קלינגען קלוגע רייד:

א ז מ ז י ם ט טומלט איר און שרייט,
יעדער מאכל האָט זיין צייט;
יעדער כלי איר באַדייט;
ווער ס'עסט אַלץ —
דער וואַקסט אַ לייט!

# במדבר

(משה פירט די יידן דורכן מדבר, אויפן וועג בלייבן זיי שטיין
און ווילן ווייטער ניט גיין.)

**משה:**

— נו, גייען מיר, וואָס שטייען מיר?
פאָרויס! בלייזמן מען קאָן.

(אַלע זעצן זיך אַוועק, אָרדנען זיך איין.)

**איינ יקע:**

— צו וואָס, צו וועןְ? וואָס פעלט אונדז דען!
דאָ פאַלט אַליין דער מן...

**אייגער:**

— האָסט איין מאָל אונדז אַרויסגעפאָרט,
מיר לאָזן זיך ניט מער!

**אַ צווייטער:**

— ווער האָט דיר איבער אונדז געמאַכט
דאָ פאַר אַ מושל, ווער?

**אַנדערע:**

— מיר זענען דאָך געגאַנגען שוין
(ווייזן די פיס.)
עס ברענען אונדז די טריט;
קוים אָפּגעזוכט אַ שטיקל אָרט,
אַ לאָז, מיר זענען מיד!
(ציען זיך אויס.)

**אײנער:**

— עס קלעפּט דער מון זיך צו די הענט,
איז פּעט אַזוי און שוואַרץ.

**אַ צווייטער:**

— ווי גוט און וווּל, ס׳צעגײט אין מויל,
— אַ קוויקעניש צום האַרץ!

**אײנער:**

— קוים עפן איך די אויגן נאָר
עס ליגט שוין איבן אויף...

**אַ צווייטער:**

— אַ בייג אַראָפּ זיך צו דער ערד
און קלייב מיר עס צענויף...

**אַנדערע:**

— אָט וואַלגערט זיך אַ גאַנצער שיכט
געדיכט אונדז פֿאַר די פֿיס;
— דאָס איז דאָך אונדזער זעמל־ברויט,
געשמאַק אַזוי און זיס...

(נעמען אַרויס פֿון טאָרבעלעך שטיקלעך פֿלייש און נאָגן
די ביינדעלעך אַרום.)

— מיר האָבן דאָ אויך פֿלייש גענוג
און יונגן פֿרישן עוף;
יעדן אויפֿדערנאַכט פֿליט אָן
פֿאַר אונדז אַ מחנה שלו...

מ ש ה :

— אָ, נאַשערס! וואָס אייך ליגט אין זין
אין מדבר דאָ, אַצינד!
און דאָרט, אין אונדזער אייגן לאַנד —
פון מילך און האָניק רינט...

א י י נ י ק ע :

(מאַכן זיך גאָר באַקוועם.)

— די מילך, מען דאַרף דאָך אויסמעלקן,
עס פליסט דאָך נישט אַליין;
און אויך דער האָניק מן הסתם...
מיר — זיינען נאָך צו קליין...

מ ש ה :

— ס'איז קיינער נישט צו קליין, צו שוואַך,
איר לאָזט זיך נאָר אַרויס;
און ווער עס הייבט די טריט אין וועג —
דער וואַקסט, אין גאַנג ווערט גרויס.

(טענער בענקנדיקע, וואָס באַגלייטן כסדר שטיל, ווי פון גאָר ווייט — ווערן שטאַרקער און ס'הערן זיך ווערטער:)

— „מיין פיין איז שטאַרק,
מיין בענקשאַפט גרויס,
קינדער מיינע — לייזט מיך אויס!
לייזט מיך אויס!"

א י י נ ע ר :

(הערט זיך צו פאַרגאַפט.)

איך הער זיך איין, ווער זאָל דאָס זיין?
נישט אַ געפאַנגענער צומאָל?

מ ש ה :

— אַזוי פאַרפרעמדט, שוין נישט דערקענט
פון אייגן בלוט דאָס קול?

(אַלע הערן זיך צו, דער רוף ווערט שטאַרקער.)

— „איך קען ניט מער,
די לעצטע טרער
איך וויין אַרויס;
קינדער מיינע — לייזט מיך אויס!...״

א י י נ ע ר :

(אַ שפרונג אויף.)
— איך בלייב נישט מער דאָ אַ מינוט.
(צו משהן.)
איך גיי, איך גיי מיט דיר!

נאָך איינער:

— איך אויך, מיר זיינען איצט שוין צוויי.

נאָך צוויי:

— און צוויי מיט צוויי איז פיר...

ע ט ל ע כ ע :

(טוען זיך אַ הייב פאַראַמאָל און שטעלן זיך הינטער די ערשטע פיר.)

— זאָל יעדער זיך אַ הייב טאָן פלינק
און זאָגן הויך, איך גיי!

מ ש ה :

— יאָ, טייערינקע, שטעלט זיך אויס
אין רייען אָט אַזוי — — — —

צי קען מען זיך פאַרלאָזן בלויז
אויף ווונדער פון אַ שטיין?
דורך שלאָגן מיט אַ שטעקן אים
זאָל תמיד וואַסער גיין?...

### די שטייענדיקע:

(נעמען פאַרשיידענע אַרבעטס־מכשירים.)

— מיר וועלן ווידער אויפגראָבן
דאָרט אונדזערע קוואַלן נאָר;
און שטראָמען וועט פון טיף אַרויס,
דאָס וואַסער פריש און קלאָר.

### אַ מ אַ מ ע :

(מיט טרערן.)

— אויף מיר געזאָגט געוואָרן!
חלוואי וואָלט איך געקענט.
ווי לאָזט מען אָבער זיך אַזוי
מיט פּיצלעך אויף די הענט?

### אַ צווייטע:

(מיט אַ קינד אויף די הענט שליסט זיך אָן צו די רייען.)

— ווער זאָגט עס אַז מיט קינדערלעך
מען קען אין וועג ניט גיין?
אַז פאַר די אויגן אונדז מען האָט
פאַרקנאָטן דאָרט אין ליים...

### אַ מ אַ מ ע :

(שפּרינגט אויף אַ פאַרצאַפּלטע.)

— אוי שוועסטערקע, דערמאָן עס ניט! —

אוי, ריר מיין ווּנד נישט אָן!
טפוי! צו אַלדי!... איך שפּיי אַרויס,
איך דאַרף נישט מער דעם מן...

(שטעלט זיך צו צו די רייען.)

אײנער:

(גלייכט אויס די רייען און ציילט.)

— אָט צוויי מיט צוויי און ס'ווערט שוין פיר
און פיר מיט פיר איז אַכט;
נו, גיכער אַלע, קומט מיט אונדז,
עס פאַלט באַלד צו די נאַכט!...

אַ פּאָר:

(קוויקן זיך מיטן מן און קווענקלען זיך.)

— דאָ איבערלאָזן אַזאַ מן,

(צו משהן.)

און שפּאַנען אין עק וועלט;
— מיר האָבן די געצעלטן שוין
אין מדבר אויפגעשטעלט.

משה:

— ס'וועט יעדער הויז אַ פעסטונג זיין
ביי אונדז אין אייגן לאַנד;
צי פילט איר נישט, דער באָדן דאָ
איז גליענדיקער זאַמד?...

אײנער:

(פון די רייען.)

— פון וואַנען ס'קומט אַ שטורעם אָן,
דאָ ווייסט מען קיינמאָל ניט...

**אַ צווייטער:**

— ס'טוט מיטאַמאָל אַ ווײ, אַ דרײ...

**אַ ל ע :**

צעטרייסלט אַלץ — פאַרשיט!...

**נאָך עטלעכע:**

(גיבן זיך אַ שטעל אויף.)

גענוג אין מדבר שוין גערוט.
מיר זיינען גרייט צום שפּאַן!

(מ'לאָזט זיך גיין.)

מיר גייען שוין, מיר זעען שוין
דעם ברעג פון לאַנד כנען...

**מ ש ה :**

(וואַרפט אַ לעצטן בליק אויף די וואָס בלייבן.)

— ווער ס'וויל ניט גיין זאָל בלייבן דאָ,
ביז ס'גייט דער מן נישט אויס.

**אַ ל ע :**

(מאַרשירן און זינגען.)

און טראָט נאָך טראָט, מיר ציען זיך,
מיר שפּאַנען גיך פאָרויס! פאָרויס!
פאָרויס!

# אַ שריפה!...

— טייערע האַרציקע יידישע קינדערלעך
זעט אונדזער בנין!... עס טוט אַזוי וויי!
משהלעך, שלמהלעך, שרהלעך, רבקהלעך:
הערט איר אַליין נישט דאָס שרפה־געשריי?

ביי מיר און ביי דיר, און ביי איר און — ביי אים אויך!
עס ברענט און עס שפּאַרט שוין אויף דער זייט אַרויס.
דער פלאַם האָט פאַרכאַפּט שוין כמעט אַלע טיילן
אוי קינדער! עס ברענט אונדזער אַלעמענס הויז!

עס האָבן געגראָבן און טיף־טיף פאַרפעסטיקט
די אור־זיידעס אונדזערע דעם פונדאַמענט;
די זיידעס, די באָבעס מיט ליבשאַפט, געדולדיק —
אַ ראַנד נאָך אַ ראַנד אויפגעהויבן די ווענט.

די טאַטעס, די מאַמעס פאַרגלאָזט האָבן פענצטער,
פאַרפלייצט די חדרים מיט זוניקער שיין —
אין קיין שטוב פון דער וועלט ניט געווען אַזוי וואַרעם
ליכטיק און גוט, — אַ מחייה צו זיין!

איצט ברענען די זיילן, דער דאַך, אַלע שטאָקן
פאַרלעשן דאָס פייער נאָר איר אַליין קענט;
עס שטראָמען צו אייך בדייט צעעפנטע קוואַלן:
— נעמט קינדער די כלים אין אייערע הענט!

געהייליקט דעם אָנדענק פון מיין פאָטער
דעם למדן ר׳ בנימין שמואל בר׳ יעקב משה
און מיין מוטער טויבע בת ר׳ שאול ז״ל.

# אגדות

# שבת־געווירץ

ס'האָט איינמאָל דער רוימישער קיסר
רב יהושע בן חנניאן געפרעגט:
— ווי מאַכט איר דאָס עסן אויף שבת,
וואָס אַלע אַרומען פאַרשמעקט?

עס טראָגן זיך טעמיקע ריחות
פון יעטוועדער יידישער הויז;
וואָס טוט איר אַריין אין מאכלים?
איך בעט דיך, דעם סוד זאָג מיר אויס!

און סהאָט רב יהושע געענטפערט —
— ס'איז אמת, מיר טוען אַריין
אַזאַ מין געווירץ, וואָס הייסט — „שבת".
דעריבער עס שמעקט אַזוי פיין...

אָ, גיב עס מיר! כ'וועל דיך באַלוינען,
אַזוי ווי אַ קיסר איך בין;
האָט ער יהושוען געבעטן
אַ ביסל געווירץ פון דעם מין...

און ס'האָט רב יהושע דערקלערט אים:
— בשום אופן! עס קען גאָר ניט זיין;
דער שבת־געווירץ ער פאַרשמעקט בלויז
דאָס הויז, ווז ס'קומט שבת אַריין.

# אין זכות פון שבת

אלע, אלע ערב שבת,
פלעגט דאָס טאָן בן־דוסאס פרוי:
איינהייצן אַ האָלץ אין אויוון
און זאָל ברענען גלאַט אַזוי...

נישט קיין טאָפּ און נישט קיין ברויטל
ס׳רויכערט זיך אין אויוון סתם.
נישט עס קאָכט זיך, נישט עס באַקט זיך,
לאַנג פאַרגעסן שוין דעם טעם — — —

אלע טעג פון וואָך נאָר באַקסער,
אָפּגעגעסן און — ס׳איז ווויל.
קיינער הערט נישט, קיינער זעט נישט
וואָס מ׳לייגט אריין אין מויל...

נאָר אויף שבת, ערב שבת,
האָט דאָס האַרץ איר שטאַרק פאַרקלעמט:
— אוי! מיר זאָלן נאָר נישט ווערן
פאַר די שכנים דאָ פאַרשעמט!...

טליעט זיך אַ האָלאַוועשקע,
און אַ רויך פון קוימען גייט

— זאָלן שכנים זען און מיינען
אַז אויף שבת זי פאַרגרייט.

קוקט אַ שכנה. — אוי סאַ וווּנדער!
טוט אַ פּאַטש מיטביידע הענט
כ׳ווייס דאָך אַז זיי האָבן גאָרנישט
און איך זע דער אויוון ברענט?!

— איך מוז שוין אַריין אַ קוק טאָן,
זען וואָס טוט זיך דאָרט ביי איר!
און פאַמעלעכקע זי עפנט
פון בן־דוסאס קיך די טיר.

ווערט בן־דוסאס ווייב פאַרצאַפּלט
— אוי מיין בושה, אוי מיין פּיין!
און זי שלייכט זיך הינטערווייַלעכץ
אין אַ חדרל אַריין.

און זי מורמלט: — טאַטע זיסער!
אין דיין שבת נישט פאַרגעס,
ס׳איז דאָך ערב שבת קודש!
און — געשען עס איז דער נס.

און די שכנה טוט אַן עפן
גיך דעם אויוון, — הום, ווי רויט!?
און עס באַקן זיך אַזויפיל
רונדיק ברוינע לעבלעך ברויט.

— שכנה! — נעמט זי שרייען, רופן, —
גיך! די לאָפּעטע אַהער!
זעסטו גאָרנישט אַז דאָס ברויטל,
באַלד, שיעור צוגעסמאַליעט ווערט?

קומט בן־דוסאס ווייב: — אַוודאי.
יאָ. נאָך דעם געגאַן בין איך!
שאַרט זי ברויטלעך און אין אויגן
פלעמלען פריילעך שבת־ליכט.

# הלל הזקן

עס האָבן אַמאָל זיך צוויי יינגלעך געוואַטן,
ס׳האָט איינער געטענהט, אַז ס׳וועט אים געראָטן
פון געדולד אַרויסברענגען הלל הזקן,
דער צווייטער האָט אויך זיך נישט איבערגעשראָקן
און האָט אים געוואָרנט: — שטעל בעסער נישט איין!
ווי איך זאָג וועט זיין!
דו וועסט דיינע פיר הונדערט גילדן פאַרלירן!
דער ערשטער, אַן עקשן: — און איך וויל פּרובירן!
דער „יאָ!” און דער „ניין!”, מען האַלט זיך אין שפּאַרן
רופט אָן זיך דער צווייטער: — וואָס זאָל עס מיך אַרן?
אַז דיר ווילט זיך דווקא איצט האָבן די ראַיה?
קום! און איך וועל נאָך העלפן דיר שרייען...
און ס׳האָבן זיךביידע געשטעלט מיטאַמאָל
פאַר הללס טיר און געשריגן אויף אַ קול:

— הלל הזקן! הלל הזקן!
קום און ווייז דיינע זילבערנע לאָקן!
קום אַרויס פון דיין הויז
קום אַרויס און הער מיך אויס!!!

און געווען איז ערב שבת, פריטיק פאַרנאַכט שוין,
ווען לכבוד שבת די קראָמען מען פאַרמאַכט שוין
און יעדער לויפט אייליק אַהיים, ווו ס׳איז גרייט
אַ מלבוש אַ ריינער, אַ העמד און אַ קלייד

און יעדער איז פאַרנומען מיט צוזאָגן זיך. קעמען,
כדי אויסגעפּוצטע שבת־מלכה אויפצונעמען
און הלל האָט געהאַלטן אויך אינמיטן זיך צוזאָגן,
ווען ס׳האָבן צו אים זיך די קולות דערטראָגן —
האָט ער זיין קאָפּ מיט אַ האַנטעך פאַרדרייט
און איז אַרויס צו די יינגלעך מיט פרייד:

— שלום, קינדערלעך! וואָס איז דער מער?
פרעגט מיך טייערע! פרעגט, איך הער!

און ס׳האָט דאָס ערשטע יינגל דאָס קעפּל פאַריסן
מיט רוגזה ער הייבט אָן: — איך מוז עס שוין וויסן!
דו זאָג מיר גיך הלל, ווייל איילִיק איך בין זייער
— די קעפּ פון די בבלים
פאַרוואָס זיינען רונדיק עליפּטיש ווי אייער?
און הלל געענטפערט האָט רואיק געלאַסן:
— אדרבה קינדערלעך, ס׳איז נישט צום שפּאַסן
מחמת זיי האָבן נישט קיין גוטע אַקושאָרן.
וואָס זאָלן געאיבט זיין — ווען ס׳קינד ווערט געבאָרן.

— נו נאָך עפּעס קינדערלעך? שעמט זיך נישט, פרעגט!
הללן פרעגט — אַלצדינג איר מעגט!...

האָט געענטפערט דער ערשטער: ניין איצטער נישט מיין
הלל הזקן דו קאָנסט שוין גיין!

און ווי נאָר ס׳האָט הלל גענומען זיך צוזאָגן
האָבן פונדאַסניי זיך די קולות דערטראָגן:

— הלל הזקן! הלל הזקן!
קום און ווייז דיינע זילבערנע לאָקן.
קום אַרויס! פון דיין הויז!
קום אַרויס און הער מיך אויס!!!

און ס'האָט הלל ווידער אינמיטן דערינען
אַז ס'זאָלן די טראָפּנדלעך וואַסער נישט רינען
דעם האַנטעך אויפן קאָפּ באַלד פאַרדרייט אינדערמיט
און אַרויס פון זיין שטוב מיט פאַמעלעכע טריט.
— וואָסי קינדערלעך! וואָסי דער מער?
פרעגט מיך טייערע, פרעגט, איך הער!

און ס'האָט באַלד דער ערשטער, ווי פריער, נאָך שאַרפער
געהויבן דאָס קול זיינס: אָט שוין וויסן דאַרף ער,
— פאַרוואָס און פאַרוועז האָבן קרענקלעכע אויגן
די מענטשן פון מדבר, מיט רויטקייט פאַרצויגן?

האָט הלל דערקלערט זיי קלאָר אַלצדינג בנעימות
און ווידער מיט ליבשאַפט געגלעט האָט זיין שטימע:
— מחמת עס ווייען אין פלי נאָכאַנאַנד אום
אין ווינט און אין וויכער, אין שטורעם די זאַמדן
און שטעכן זיך אונטער די וויעס אַריין
פאַרשאַפן אַזויפיל יסורים און פיין...

נו, נאָך עפּעס קינדערלעך? שעמט זיך נישט, פרעגט
הללן פרעגן — אַלצדינג איר מעגט!

האָט געענטפערט דער ערשטער: ניין איצטער נישט מיין
הלל הזקן! דו קאָנסט שוין גיין!...

און אַז הלל האָט געזומען זיך פאַרענדיקן ס'צוואָגן
האָבן זיך צו אים די זעלבע קולות דערטראָגן:
— הלל הזקן! הלל הזקן!
קום און ווייז דיינע זילבערנע לאָקן
קום אַרויס! פון דיין הויז!
קום אַרויס און הער מיך אויס!!!

האָט הלל דעם האַנטעך אַ נעם געטון בלויז
און איז אויפן שוועל צו די יינגלעך אַרויס.
— וואָס נאָך קינדערלעך? וואָסי דער מער?
פרעגט מיך טייערע, פרעגט, איך הער!

האָט דער ערשטער געפּרוווט זיך — שוין צום לעצטן מאָל
נאָר ס'האָבן שוין טרערן צעבערעקלט זיין קול:
— פאַר־וו־אָאָס אַפריקאַנער די פּיס האָבן ברייטע?
„— מחמת אין בלאָטעס די טריט זיך צעשפּרייטן"
ענטפערט אים הלל מיט אַ שמייכל אַ מילדן —
נאָר עס פּלאַצט אוים דאָס יינגל: אוי! פיר הונדערט גילדן
פאַרשפּילט צוליב דיר האָב איך! נאָר ס'איז כדאַי!
— און וואָס מערער קינדערלעך, זאָלן עס הערן!

געדענקען וואָס איך האָב דאָ היינט אויסגעלערנט
און אין הויז פון ישראל עָם זאָלן זיך מערן
אַזעלכע ווי הלל, הלוואַי! הלוואַי!!!

# כבוד־אם

רב טרפון געווען איז
אַ זון אַזאַ גוטער:
געהאַלטן בכבוד
זיין אַלטינקע מוטער.

געקוקט איר אין ד׳אויגן
צו זען איר באַגערן;
גערעדט צו איר אויער,
ווייל שוואַך איז איר הערן.

און אירע פאַרלאַנגען
ט׳ער שטענדיק געטראָפן;
פאַר יעדן טראָט אירן
דעם וועג איר פאַרלאָפן.

ווען שווער איז געווען איר
די פיס אויפצוהייבן
ביינאַכט פאַרן שלאָפן
אין בעט אירם זיך לייגן.

אויף פאָל זיך אויסציען
פלעגט טרפון דער גוטער
און פאַרן בעט ווערן
אַ טרעפּ פאַר זיין מוטער...

איינמאָל אין אַ שבת:
— „זיך דורכגיין אַביסל״
אַרויס איז זיין מוטער
און פּלוצים צעריסן

עס האָבן זיך גאָר די
פאַנטאָפּעלעך אירע:
— „אוי ווי וועט זי טרעטן
צוריק צו איר דירה?

וויי! באָרוועס אום שבת?
חלילה אים פאַרשעמען?!״
זי שטייט און ביים האַרצן
עס הייבט איר אָן קלעמען.

און איבערן הייפל
זי קוקט זיך אַרומעט.
נאָר באַלד אין אַ שמייכל
צעגייט זיך איר אומעט.

די בליקן פון נחת
אַלץ ליכטיקער ווערן:
— „זי וועט אים ניט רופן
איר זון אַצינד שטערן״?

— — — — — — — — — — — —

רב טרפון ז׳געזעסן
אין שטוב און געלערנט,
דאָס קול פון דער תורה
געלאָזט האָט ער הערן.

און ס'האָט אַ מתיקות
אַרום זיך צעפּלאָסן,
דער ניגון פון שבת
אין האַרץ זיך געגאָסן.

עס האָבן געטרונקען
די טענער די שטילע
אין גרינער מנוחה
די גרעזלעך אַפילו.

ס'געזאַנג פון איין זילב נאָר
ווער ס'כאַפּט אויף — דערקוויקט זיך. —
און ווי ס'האָט רב טרפון
איבערן ספר געוויגט זיך,

די אויגן אַלץ ווייטער
טיף־טיף זיך פאַרקוקן
און מיטאַמאָל נעמען
די ברעמען אים צוקן.

עס קערן די ווערטער
זיך אום מיטן רוקן
צו אים, עס אַנטלויפן
אין נעפּל די פּסוקים.

און ס'טוט פון אַ וואָלקן
אַ בליץ אים אַנטקעגן
דאָס לייב אַ צעציטער.
באותו הרגע.

ער הייבט אויף די בליקן
צום פענצטער ארויף: — אוי!
און פלינק ווי א הירשל
שוין ר׳איז אויפן הייפל.

ער ווארפט זיך אנידער
און פויזנדיק גייט ער
ארונטער די פיס איר
די הענט זיינע שפרייט ער.

אזוי אויף די הענט איז
זיין מוטער געגאנגען,
ביז זי האט געקענט שוין
דאס בעט אירס דערלאנגען.

און ס׳האבן די הימלען
געמוזט איר דערהערן
אז תמיד איר ברכה
מקוים זאל ווערן!

„רבונו של עולם
נעם אן און באוויליק״!
האט זי היים געפּליםטערט
פאר איר זון א תפילה

ווען קראנק איז רב טרפון
געווען אין סכנה
און ס׳זיינען געקומען
צו אים די חכמים

מבקר חולה זיין אים,
אַ תורה־וואָרט זאָגן
אים מוטיקן, טרייסטן,
ניט זאָל זיין דערשלאָגן.

„בעט גאָט פאַר מיין זון
— בעט די מוטער דערנעבן.
— צי ווייסט איר ס׳אַ כבוד
ער ט׳מיר אָפּגעגעבן?

נאָך מער ווי ס׳געבאָט איז
פון כיבוד־אם, מער! און
עס פּליסן די ווערטער,
זיך טובלען אין טרערן.

און פאַר די חכמים
דערציילט אַלץ די מוטער:
— „רבותי, פאַראַן נאָך
אַ זון אַזאַ גוטער?״

# כיבוד־אב

דער זון פון אבהו
דער גוטער אבימי
— ווו קען מען אַ זון אַזאַ
היינט נאָר געפינען? —

געוועזן איז אבימי
— און דאָס איז דאָס ווונדער —
אַליין שוין אַ טאַטע
געהאַט פינף קינדער.

און פלעגט ער דערהערן
נאָר טריט אויפן הויף און
מיט פרייד פלעגט אַ שפרונג טאָן
צום טיר נעמען לויפן.

— דער טאַטע! דער טאַטע!
אירט זען, איך וועל טרעפן,
ער שרייט אויס מיט שמחה:
— אַט שוין, אַט איך עפן!

און פלינק ווי אַ יאַטל
און אפשר נאָך גיכער

ער עפנט די טיר אויף:
— דער טאַטע! נו זיכער!

און ס'קוקן זיך אַן צוויי פּאָר
אויגן: ס'אַ גדולה!
ס'ווערט יום־טוב אין שטוב באַלד
מיט פרייד אַזאַ פולע!

---

אַ רגע אים וואַרטן?
קיינמאָל ניט געלאָזן
און נישט אויף די קינדער
זיך ווען ס'איז פאַרלאָזן.

אליין, ער אבימי
ווי נאָר ער געפינט זיך
די מצווה פון כיבוד־אב
תמיד פאַרדינט זיך...

---

און ווי ס'איז אבהו
דער טאַטע געקומען
איז מעג זיין אבימי
יין זון ווי פאַרנומען,

איז אַלץ מיט אַנאַנדער
אויף שפּעטער לאָזט איבער
און שוין מיטן טאַטן
ער זעצט זיך אַנידער.

און תמיד ער הערט אוים
געדולדיק זיין טענה,

מיט ליבשאַפט ער נעמט אויף
די מוסר־רייד זיינע.

עס טרעפט, אַז אבהו
דער זאַטער אין יאָרן
פאַלט אָן אויף אבימין
זיין זון, מיט אַ צאָרן.

ער קאָכט זיך און כעסט זיך:
— איז רעכט אַזוי, זאָג מיר?
בייגט איין זיך אבימי:
— נאַ טאַטעלע, שלאָג מיר...

ער קוקט אים אין פנים
דערביי, אַזאַ ליבער
און ס׳גייט שוין דעם טאַטן
דער כעס באַלד אַריבער.

ס׳פאַרגייען די קנייטשן
פון אַלטינקן שטערן;
אַ שפּראָץ אין די אויגן
צוויי לאַכיקע טרערן.

ער שמייכלט צופרידן
און גלעט אים: — זון מיינער!
איי ביסטו אַ — געזונט
זאָלסטו מיר זיין נאָר!...

---

איינמאָל, ווען ער איז אים
געקומען באַזוכן,
דערלאַנגט אים אבימי
ווי תמיד אַ קוכן

און איז אים מכבד
מיט ווייַן אויך, מיט זיסן
און בעט זיך: דער טאַטע
זאָל וואָס מער געניסן!

— נו טאַטע, ס׳געפעלט דיר?
געשמאַק? וויל ער וויסן.
און האָט אויך הנאה
פון זייַן יעדן ביסן.

פאַרווילט זיך אַ טרונק אים
אינמיטן דערינען
און אָט לויפט שוין ברענגען
פריש וואַסער, אבימי.

דערווייל איז אבהו
דער אַלטינקער טאַטע
ביים טיש איינגעשלאָפן
געוואָרן לעת-עתה.

ז׳געבליבן אבימי
פון אָרט ניט גערירט, זיך
געוואָרט און געשטאַנען
ווי ס׳דאַרף זייַן, ווי ס׳פּירט זיך.

ער קוקט אויפן טאַטן
מיט טריישאַפט אין אויגן
און האַלט מיט הכנעה
אין האַנט אויסגעצויגן

דעם פרישן קרוג וואַסער
פאַר טאַטנס מויל גרייט שוין,
אַז ער האָט פאַרגעסן
ווי לאַנג גאָר ער שטייט שוין...

---

ביז ס׳נעמט זיך אבהו
פון דרימל צעוועקן,
דערזעט ער דאָס קריגל
אין האַנט פאַר אים שטרעקן.

דערמאַנט ער זיך: — וואַסער!
און לאָזט זיך דערקוויקן.
און ס׳לויכט אויף די ברכה
פול אין זיינע בליקן:

— זון מיינער! צינדן
זיך אַן אויגן מאַטע;
און ס׳ענטפערט אבימי
מיט ליבשאַפט:
— מיין טאַטע!

# די ציגן פון חנינא בן־דוסא

קינדערלעך, כ׳וועל אייך דערציילן
פון פארצייטן, ס׳איז פארשריבן
שוין אויף אייביק אין די ספרים
און די הייליקע פארבליבן.

קינדערלעך, געדענקט עס תמיד
אויך אז איר וועט זיין שוין גרויסע
ווייל געשען ס׳איז מיטן צדיק
רבי חנינא בן־דוסא.

---

אין א טאג זיינען די שכנים
אין זיין שטוב אריינגעלאפן:
— צי דו ווייסט גארניט בן־דוסא
וואס ס׳האט אויפן פעלד געטראפן?

און מיט בייזע רייד זיי האבן
זייער צארן אויסגעלאדן:
— אויף די פעלדער פריש פארזייטע
דיינע ציגן מאכן שאדן!...

האט געענטפערט זיי בן־דוסא:
— עדות זאלט איר זיין און קוקן

אויב ס׳איז אמת וואָס איר זאָגט דאָ
זאָלן בערן זיי פאַרצוקן!

נאָר אַט הערט איר, אויב ס׳איז שקר
דאָס וואָס מיינע אויערן הערן;
זאָלן מיינע ציגן ברענגען
אויף די הערנער זייערע בערן!

---

און געשטאַנען זיינען אַלע
אויף די שוועלן און געשוויגן,
און געוואַרט אַ טאָג אַ גאַנצן,
וואָס וועט זיין דאָ מיט די ציגן?

וועלן בערן זיי פאַרצוקן?
צי געשען ס׳וועט דאָס פאַרקערטע?
איי! דאָס וועט דאָך זיין אַ מעשה
טאַקע גאָר אַן אומדערהערטע!

און זיי האַלטן אין איין קוקן
און זיי האַלטן אין איין קלערן:
— ווי אַזוי זשע וועלן ציגן
ברענגען אַזש פון פעלד די בערן?

ציט דער טאָג זיך און די שכנים
קענען זיך פון אָרט ניט רירן
נייגעריקע שטייען אַלע
אומגעדולדיק פאַר די טירן.

און געשען עס איז, פֿאַרנאַכט צו
אַלע קוקן יאָ, אַוודאי:
פֿון די פֿעלדער, פֿון די וועלדער
לויפֿט אַהיים בן־דוסאס סטאַדע.

נאָר אַ וווּנדער: קענען ציגן
אין איין טאָג אַזוי גרויס ווערן?
אוי־אוי! זעט! בן־דוסאס ציגן
אויף די הערנער טראָגן בערן!...

— — — — — — — — — — — — —

וווּנדערט איר זיך, וויפֿל קשיות
אויף די ליפּן ביי אייך ליגן:
ווי עס קומען צו בן־דוסאן
מיטאַמאָל אַזויפֿיל ציגן?

אַז געווען איז ער אַן אביון
און נאָך ווי? אין זיבן פֿאָלעס!
ווילט איר דאָך מסתמא קינדער
אַז דערציילן שוין איך זאָל עס.

הערט זשע טייערע, הערט ווייטער,
האַלט די אויערלעך גוט אָפֿן,
ווייל עס האָט זיך אָט־די מעשה
אָט אַזוי מיט אים פֿאַרלאָפֿן:

איינמאָל וויל ער מאַכן קילער
אין די גרויסע שטאַרקע היצן,
עפֿנט ער די טיר אויף, זעט ער
אויף זיין שוועל אַ הינדל זיצן.

הייבט בן־דוסא אויף דאָס הינדל
פול מיט חידוש אין די אויגן
— קוואַ־קוואַ! נעמט זי לויפן, שפּרינגען
אויף זיין בעט אַן איי זיך לייגן...

האָט בן־דוסאס ווייב דערזען דאָס
— איי אַ פריש איי! ס'ווילט זיך זייער!
שריים ער: — טשעפּע ניט, דו, ניטע!
נישט דיין הון — נישט דיינע אייער!

איינס און צוויי און דריי, פיר, פינעף
געכטן זעקס און היינט ווערן זיבן. —
טאָג נאָך טאָג דאָס הינדל לייגט זיך
פופצן אייער אָנגעקליבן.

זעצט אַוועק זיך מאַמע־הינדל
קינדער־הינדלעך אויסצובריען:
פּיקן זיך אוים פופצן הינדלעך
— פּי־פּי! אין די שויבן פליען.

אויף די בענקלעך, אין די בעטן
אַז נישט אויסהאַלטן מער קען מען
זאָגט צו זיך אַליין בן־דוסא:
— כ'וועל אין מאַרק אַריין זיי נעמען.

---

הינדלעך, הענדלעך ביי בן־דוסאן
איינצוהאַנדלען אַלע לויפן.
— פאַרן געלט אַ שטיקל פעלד, וועל
איך אי"ה זיך קויפן! — — — — —

גייט אריין א מזל-ברכה
און עס ווערט באלד גרין פארצויגן
דאָס פאַרזייטע שטיקל פעלד זיינס
וואקסט און הייבט זיך אין די אויגן...

זעט בן־דוסאס ווייב די זאַנגען
קוועלט זי: — אוי, זיי וואַקסן טאַקע!
כ׳וועל זיי שניידן, קערנער מאָלן
א פּאָר ברייטעלעך אָפּבאַקן...

אונדזער טיש מיט ברויט צו זאַט, כאָטש
איינמאָל, טראַכט זי מיט הנאה.
נאָר בן־דוסא וואָרנט: אשה!
נישט דיין הון און נישט דיין תבואה!

און דאָס פעלד האָט זיך געצייטיקט
פולע סנאָפּעס אויפגעשטיגן
האָט בן־דוסא פאַר דעם קאָרן
איינגעקויפט זיך א פּאָר ציגן.

און די ציגן עסן, טרינקען,
וואָס א טאָג אַלץ גרעסער ווערן;
קינדער־ציגעלעך געבוירן
און זיי מערן זיך און מערן.

זעט בן־דוסאס ווייב זיי וואַקסן:
— קיין עין־הרע! כ׳וועל לעת־עתה
איינס זיך נעמען, איי פאַרזוכן
פון א סעודהלע א זאַטע.

זעט בן־דוסא איר מחשבה
און אַ פינגער נעמט ער וויגן:
— אָסור זאָל דיר זיין, חלילה
נישט דיין הון — נישט דיינע ציגן!

— — — — — — — — — — — — —

און עס גייען טעג און וואָכן
און עס לויפן זיך די יאָרן —
און עס ווערן ביי די ציגן
נייע ציגעלעך געבאָרן.

— מע־מע! שפרינגען זיי און מעקען;
וואַקסן אויסעט ציגן גרויסע
און זיי ווערן אויכעט מאַמעס;
וואַקסט די סטאַדע ביי בן־דוסאַן.

— — — — — — — — — — — — —

פלוצים, יאָוועט זיך גאָר איינער
און נעמט ריידן מיט אַ העזה:
— כ׳האָב אָנומלט, קריק מיט יאָרן
דאָ אַ הונדל מיינס געלאָזן —

כ׳בין נאָך איר אַצינד געקומען,
ס׳מוז זיך ערגעץ דאָ געפינען!
רופט זיך אָן צו אים בן־דוסא:
— אדרבה, גיב אַ סימן.

און עס האָט דער מענטש אַ סימן
פונעם הינדל אָפגעגעבן:

אזא ראַבע, מיט אַ טשוביק...
— אמת! זאָגט בן־דוסא, כ'לעבן!

און ער עפנט אים דעם שטאַל אויף:
— יאָ, דו וועסט אַצינד עס קריגן,
זאָגט בן־דוסא צו דעם מענטשן,
ס'איז דיין הון און דיינע ציגן...

און דאָס איז די גאַנצע מעשה
פון דעם צדיק פון דעם גרויסן,
אָט דאָס וואונדער פון די ציגן
ביי רבי חנינא בן־דוסא.

# רבי חייא

אין די צייטן פון רב חייא
וואָס איך וועל אייך איצט באַשרייבן
ניט געווען נאָך קיין געשעפטן
כדי דאָרט ספרים אויסצוקלייבן.

ווי למשל היינט אַ לערער
אַ נייַ לערן-בוך, קוים וויל ער —
זאָגט ער היינט אָן, און אויף מאָרגן,
ברענגען דאָס שוין אַלע שילער.

אַז די ווענט אין בוך-געשעפטן
זיינען ביז צום דאַך באַלאָדן
פולע פּאָליצעס מיט ביכער
אַלץ וואָס איינער וויל נאָר האָבן.

און די נעמען אויף די רוקנס
גלאַנצן, רייען איבער רייען
און זיי רופן: קומט אונדז קויפן!
אין די טאָוולען שוין מיר שטייען!

אָבער, נאָך אין יענע צייטן
— נעמט עס קינדער גוט אינזינען —
קיין פּאַפּיר איז נישט געווען נאָך,
ניט קיין בליי, קיין דרוק-מאַשינען.

דעמאָלט האָט מען ניט געקענט נאָך
צייט און מי ווי היינט פאַרשפּאָרן
און איין ספר אָנצושרייבן
דויערן פלעגט יאָרן יאָרן.

שרייבן פלעגט מען נאָר אויף פּאַרמעט
און אויף פּאַרמעט דאַרף מען פעלן,
און ניט געקענט האָט מען אין ערגעץ
ווי פאַרוים, פאַר דעם באַשטעלן...

האָט מען יעדן אות באַזונדער
מיט דער פעדער אייגנהאַנטיק
אויסגעצירקלט, אויסגעכתיבהט
ווי עס דאַרף זיין רונד און קאַנטיק.

ווי אַזוי־זשע האָט רב חייא
טאַקע אָט אין יענע צייטן,
ווי זשע האָט ער אונדזער תורה
אומעטום געקענט פאַרשפּרייטן?

אונדזער לערער פון די לערער
— ווי געווען איז ער רב חייא, —
האָט געהאַט אַ וווּנדער־מיטל
אָנהייבן פלעגט ער מיט זריעה.

קודם, פלעגט ער פלאַקס פאַרזייען
און כסדר אַכטונג געבן
ס׳זאָל קיין פרעמדער ווילדער אָנוווקס
נישט פאַרוואַרצלען זיך דערנעבן.

פון אינזעקטן די משהיתים
אַפּצוהיטן פלעגט ער וויסן
און ניט לאָזן ווערן טרוקן,
צו דער צייט די ערד באַגיסן.

פלעגט זיך גיך דאָס פעלד צעגרינען
טאָג נאָך טאָג זיך העכער הויבן.
— „ס'איז רב חייאס פלאַקס דער שענסטער!"
פלעגן אַלע שכנים לויבן.

און די קליינע גרינע קעפּלעך
עפענען זיך, בלוי צעבליען
און ווי נאָר ס'פלעגט צייטיק ווערן
זיך פאַרברוינען, פלעגט רב חייא

תיכף נעמען זיך צום רייסן,
באַלד אין גלייכע פעסטע בינטן
אויסלייגן, אַז נישט צעטראָגן
זאָלן דאָס די בייזע ווינטן...

נאָכן אויסדרעשן די קערנער
פון די מטויגן שטרויעלעך דינע
פלעגט רב חייא מאַכן פלאַקס און —
פון דעם פלאַקס, באַלד נעצן שפּינען.

מיט די נעצן פלעגט ער הירשן
אין געדיכטע פעלדער פאַנגען
און צו אָרעמע יתומים
די חלקים פלייש דערלאַנגען.

„איצטער, אַז זיי זיינען זאַט שוין
וועלן זיי ערשט לערנען וועלן",
פלעגט רב חייא זיך אַ נעם טאָן
צו דער אַרבעט מיט די פעלן.

פריער ווייקן זיי און ציען
נאָכהער שאַבן עס און רייבן,
אַז געווען איז גרייט דער פּאַרמעט
דעמאָלט, נעמען זיך צום שרייבן...

פּאָר פינף יונגינקע תּלמידים
פון די בעסטע אויסגעקליבן
די חומשים, די פינף טיילן
איינס נאָך איינעם אָנגעשריבן.

און פּאָר אַנדערע תּלמידים
באַלד די אַנדערע זעקס ספרים
אָנגעשריבן האָט רב חייא
דעם משניות, די זעקס סדרים...

און איעדן תּלמיד זיינעם
פלעגט געזעגענען רב חייא:
— זון מיינער, פאַרזיי מיט ליבשאַפט
ווייטער, די געבענטשטע זריעה.

— זע מיין קינד, אַז אונדזער תורה
צווישן פאָלק פאַרשפּרייט זאָל ווערן
ווי איך האָב מיט דיר געלערנט.
גיי! און אַנדערע איצט לערן!

און פון שטאָט צו שטעטל פלעגט ער
פאָרן איבער דער מדינה:
ווו אַ הארץ וואָס דורשט נאָך תורה
פלעגט ער באַלד זיך דאָרט געפינען.

ווידער אָנהייבן פון אָנהייב,
איינגעחזרט, איינגעלערנט
טאָג נאָך טאָג, ביז די תלמידים
אויכעט פול מיט תורה ווערן.

און צו זיי אויך פלעגט ער זאָגן:
— ווי איך האָב מיט אייך געלערנט
זאָלט איר זען, אַז אונדזער תורה
צווישן פאָלק פאַרשפרייט זאָל ווערן!

און עס האָבן די תלמידים
פון רב חייאן זייער רבין
נאָכגעפאָלגט אים אין זיין דרך
און אים ליב געהאַט — דאָס לעבן.

און עס פאָרט אַרום רב חייא,
און פון אָרט צו אָרט ער וואַנדערט.
און זיין טריי פאַרזייטע זריעה
שפּראָצט און בליט און וואַקסט פונאַנדער...

---

איינמאָל, ווען פאַרגאַנגען זיינען
לאַנגע יאָרן פון נסיעה,
אין אַ שטאָט איז אָנגעקומען
שוין צום צווייטן מאָל רב חייא.

איז אַן עדה מיט אַ גדולה
פריידיק אים אַרויס אַנטקעגן
און געמאַכט אַ גרויסן יום־טוב
ווי ס'פּאַסט פאַר זיין כבוד וועגן.

און געדרשנט האָבן אַלע
דאָרט אויף זיין קבלת־פּנים
נאָר ווי גרויסע מלומדים,
אמתע תלמידי חכמים.

הערט רב חייא מיט הנאה
און עס פלאַמט פון פרייד זיין פּנים:
— איי, אַזעלכע דברי־תורה!
און ווי קלאָר ווי גוט זיי קאָנען!

און ער פרעגט באַלד: 'זיי, ווער זיינען?"
מיט התפּעלות אין די אויגן.
— דיינע זיינען מיר! תלמידים,
וואָס דו האָסט אונדז אויפגעצויגן!...

ענטפערן די יונגעלייט אים
און די אויגן זייערע גליען
פול מיט שמחה: 'אונדזער רבי!"
זאָגן זיי דאָך צו רב חייאַן.

— איר? איר? זיינט מיינע תלמידים?
שטאַמלט ער פאַרגאַפּטע ווערטער.
— ווייל איז מיר! — און אין דער רגע
פון דער הויך אַ בת־קול הערט ער:

— „דיין זכות זאָל צו דיר געהערן!
זע, זיי מערן זיך און מערן
די תלמידים דיינע ווערן
אויף דער וועלט ווי ליכטיקע שטערן!״

— — — — — — — — — — — — —

און, פון דעמאָלט אָן אויף תמיד
שיינט אויף אונדזער פאָלק זיין זכיה.
ווו אַ תלמיד לערנט תורה,
לויכט דער נאָמען פון רב חייא.

# רבי אליעזר בן הורקנוס

אַקערט אליעזר, אַקערט
און די זון פון אויבן פלאַקערט, —
נאָר די פלאַכטעס ערד זיי ווערן
נאַס, פון אליעזרס טרערן.

זעט דאָס הורקנוס זיין טאַטע
טראַכט ער זיך: „ס'איז ווייל לעת־עתה
אַקערט ער אויף ערד מיט שטיינער,
„ס'איז מיין זון דאָך ניט קיין ווינער!"
און ער זאָגט אים: — גיי אַריבער
אויף די פעלדער קעגנאיבער
דאָרטן איז די ערד אַ ריינע
און דו וועסט פאַרשפּאָרן וויינען...

פאָלגט אליעזר טאַטנס עצה,
אין איין האַנט ער האַלט די לייצעס,
מיט דער צווייטער —ווישט דאָס פּנים;
אַז מען זאָל ניט מער דערקאָנען..

טאַקע וואָס איז דאָס געווין גאָר?
אַז סע אַקערט זיך אַליין גאָר;
ס'איז די ערד דאָ ווייך ווי פּוטער
און דער אַקער, אַזאַ גוטער!
שאַרף דאָס מעסער, און וואָס טוט ער?...

גייט זיך נאָך אַן אויסגערוטער
נאָכן אַקער און מער גאָרנישט,
נישט ער מאַטערט זיך, אַ האָר נישט..

ס'ניט באַשטיינערט, ניט באַוואַקסן
ציען, פליען אַזש די אָקסן:
מרוקען, און פאַר פרייד זיי שפּרינגען.
ער וואָלט אויך באַדאַרפט איצט זינגען
נאָר די אויגן זיינע גיסן
און די טרערן פליסן, פליסן...

טראַכט זיך הורקנוס זיין טאַטע —
ס'איז די מעשה ניט קיין גלאַטע...
מילא, פריער כ'האָב געמיינט זיך
ס'קען זיין: אויך פון מידקייט וויינט זיך
ס'איז צו שווער אים, און דעריבער —
אָבער, וואָס איז איצט די סיבה?
וויינען גאָר אינמיטן דרינען...
אַנו, לאָמיר אויסגעפינען!

און ער זאָגט צו אים געלאַסן:
— זע, ס'אַ פרישע פייכטע פאַסן,
זון מיינער, ס'אַ פאַרגעניגן,
ווי די סקיבעס, ערד דאָ ליגן
קרוכלע, ווייכע ס'אויג זיי גלעטן,
ווי זיי בעטן זיך און בעטן
ווילן קערנדלעך פאַרדייען.
אָט אָ וועלן מיר פאַרזייען
אין דער פעטער ערד די זריעה,

ס'וועט צעגרינען זיך, צעבליען,
ווו דאָס אויג וועט נאָר דערלאַנגען
און עס וועלן זינגען זאַנגען
איבער אָט די אַלע שטחים,
נאָר אין פעלד דאָ — רוט גאָטס ברכה!

איז דאָס דיר נישט ליב און טייער?
ס'וואַקסט די שפע פול אין שייער
און די רחבות אין די שטיבער,
וואָס קען זיין פון דעם נאָך ליבער?

הייבט אליעזר אויף זיין פנים
צו זיין טאַטן, און קוקט אָן אים
— טאַטע, זאָלסט אויף מיר נישט צערנען
איך וויל לערנען, תורה לערנען!

— האַ? שוין גאָר אַ נייע צרה,
אַזאַ בחור, קיין עין הרע!
— פאַלט אָן הורקנוס מיט צאָרן —
אין די רעכטע, רייפע יאָרן,
לערנען ווילט זיך דיר אַצינדער?
נעם אַ ווייב, וועסט האָבן קינדער
וועסטו זיי אין חדר שיקן,
און מיט תורה וועסט זיך קוויקן...

ווערט אליעזר גאָר דערשלאָגן,
ווי זאָל ער דעם טאַטן זאָגן,
אַז ער איז גאָר נישט קיין בעלן

אויף די שטיבער מיט די זאַלן,
שעפּסן, ציגן פולע שטאַלן, —
אַז אים ציט צו אַנדערע קוואַלן.

---

און אליעזר האָט דריי וואָכן
אַליך דעם מוח זיך געבראָכן;
ניט געגעסן — ס׳מויל פאַרמאַכט ער,
ניט געטרונקען — תמיד טראַכט ער:
אַז איך קען דאָך נאָך אַן אות ניט...
און דער טאַטע מיינער — לאָזט ניט.

איינמאָל, איז ער איינגעשלאָפן,
איז דאָס וווּנדער זיך פאַרלאָפן:
ס׳איז אַריין צו אים דער נביא,
אונדזער גוטער אליהו —

נישט די טיר געווען איז אָפן,
וויזשע? ווער וואָלט עס געטראָפן
ווי ער איז אַריין, דורכוואַנען?
מיטאַמאָל איז ער געשטאַנען
לעם אליעזרס נאַסן קישן
זיינע טרערן נעמט ער ווישן
מיט דער שענסטער פון די טיכער;
— ס׳איז די טוך פון ליבשאַפט, זיכער...—
און ער טוט אַזוי אים זאָגן:
— אליעזר, הער אויף קלאָגן!
לאָז זיך אויף דיין וועג דעם נייעם

אין דער שטאָט ירושלים;
דאָרטן וועסטו לערנען טאָקע,
ביי רבי יוחנן בן זכאי...

— — — — — — — — — — —

און אליעזר אַ פּאַרגאַפטער,
גאַנצע טעג פון חלום טראַכט ער:
אָ! בן זכאי! אַלע ווייסן
פון דעם רבין פון דעם גרויסן.

ס'איז באַוווסט אין דער מדינה,
ווי ער האַלט זיי אין איין רימען
און דערציילן מיט התפּעלות
אַלע שיינע גוטע מעלות
פון אָט די תּלמידים זיינע:
רב יהשוע בן חנניא
זאָגט ער — ווויל צו זיינע שטאַמען
און נאָך מער — ווויל זיין מאַמען!
יאָ, אויף איר קען מען דאָס זאָגן;
אויף די הענט האָט זי אים געטראָגן
אין בית־מדרש, ווען אַ פּיצל
איז ער נאָך געווען, און זיצן
פלעגט זי דאָרטן שעהן, שעהן...
די געבענטשטע פון די פרויען,

— זאָל דאָס קינד גאָטס וואָרט דאָ הערן,
וועט ער אַ בעל תורה ווערן.
פליסן פלעגן ווערטער שטילע
פון איר האַרץ אַרויס אַ תפילה.
און אויף יוסי הכהן זאָגט ער:

זעט, ס'אַ ליבן שמייכל טראָגט ער
אויף די ליפּן, סימן וואָר איז,
אַז דער חסיד פון זיין דור איז.

און ס'איז גאָרניט צו געפינען,
נאָך אַזאַ, ווי ס'איז רב שמעון
בן נתנאל, איז אָפּגעהיט ער,
אַ ירא־חטא, ווי ער ציטערט
פאַר אַ זינד... נאָר מצוות טוט ער
אָך, איז ער אַ מענטש אַ גוטער!

און נישט אַ קרוג פּתם אַ באַצירטער,
ווי מיט סמאָל'ע איז אויסגעשמירט ער
אַזאַ פעפּטער און אַ שטייפער,
ווי דער ווייַן ווערט שטאַרקער, רייפער
און שפּילט אויף מיט אַלע ברכות —
רבי אליעזר בן ערך איז!...

אַזוי פול מיט קערנער זיינען
אָט אָ די תלמידים מיינע —
טוט אויף זיי רב יוחנן זאָגן,
און איבערן גאַנצן לאַנד זיך טראָגן
אַלע שבחים פון זיין לויבן.
— ווער איז נאָך אַזוי דערהויבן,
טראַכט ער, אליעזר, טאַקע,
ווי אַ תלמיד פון בן זכאי?

... צו בן זכאי איך זאָל קאָנען,
ווי אַ טייכל צו אים שטראָמען;
וואָלט איך זיך פון פרייד צעזונגען,
וואָלט איך כוואַליעדיק געשפּרונגען

איבער טאָלדװײט אין װאַנדער,
איבער פעלדזן־שאַרפע ראַנדן,
אַבי דאָס קול פון תורה הערן
און בן זכאים תלמיד װערן...

איינמאָל, אין אַ נאַכט אַ שטילער
צומאַכן די אויגן װיל ער
אפשר װעט אין גוטן חלום
זיך באַװייזן נאָכאַמאָל אים
אליהו, כאָטש איין רגע...
אוי! ער װיל אַזוי אים פרעגן,
װאָסער שליאַך, מיט װעלכע װעגן?
פּלוצים, טוט אַ בלענד אַנטקעגן
און פאַר אליעזרס אויגן
איז אַ ליכט פאַרבייגעפלויגן

אָ! ס'איז ער! ס'איז פון די הייכן!
יאָ, דאָס איז פאַר מיר אַ צייכן
הייבט אָן אליעזר צאַפּלען.
צינדט זיך פרייד אין זיינע אַפּלען,
און עס װערט אים אַזוי ליכטיק;
— כ'האָב געזען אים! יאָ, ס'איז ריכטיק!
ס'איז זיין פינגער, װו כ'זאָל װענדן
מיינע טריט איצט צו דער פרעמד, און — — —

יענע נאַכט, װען די לבנה
האָט פאַרדעקט זיך איבערן פּנים
מיט דעם טונקלסטן פון שטאָפן,
און אַזוי זיך איינגעשלאָפן...

אין דער מיט פון אירע שטערן...
— איז ער שטיל, מען זאָל ניט הערן,
פון זיין ווייכן בעט אַרויס, און
זיך אַרויסגעשלייכט אינדרויסן
— אין דער רגע, שוין! אַצינד אָ,
מוז איך פון מיין היים פאַרשווינדן!

— — — — — — — — — — — —

גייט ער, שפּרייזט ער אומדערשראָקן,
און דעם טאַטנס פעלדער לאָקן...
אויסגעפּערלט אין באַגינען...
— אליעזר, ביסט ביים זינען?
חוזקט פון אים דאָס עשירות,
נישט מיר ווייסן וואָס מיט דיר איז,
צי חלילה ביסט משוגע?
דאָס טוען נישט קיין מענטשן קלוגע,
אַזאַ האָב און גוטס פאַרלאָזן —
און זיך, הפקר, ערגעץ לאָזן...

נאָר סיי ווי, ווער הערט זיך איינעט,
מאַלע וואָס און ווער עס טענהט:
נישט עס קומט אים אויפן רעיון,
אַז מ׳דאַרף גאָר עפּעס קייען
און ס׳איז טרוקן שוין אין מויל אים.
אָך, אָך, ס׳איז דאָך אַזוי ווויל אים...

און ער שפּאַנט אַלץ ווייטער, ווייטער,
פול מיט כוח אַ באַנייטער,
ס׳אַ מהלך ווייט, ווער זאָגט עס?
נישט ער פילט דאָס, אַז אים טראָגט עס

ווי אויף פליגל, איבער וועגן,
אַז עס שוועבט פאַר אים אַנטקעגן
עפּעס אַזאַ ליכטיק פּנים...
יעדן נייעם וועג — ווייזט אָן אים
— טראַכט אליעזר — איך דערקען אים!
אין מיין חלום כ'האָב געזען אים...

יאָ, ס'איז ער! אוודאי! זיכער!
און ער לאָזט זיך גיכער, גיכער,
אויפן נייעם דרך פירן,
און ער הייבט נישט אָן צו שפּירן,
ווי עס רייסן זיך, צעפאַלן
שוין אויף פיצלעך די סאַנדאַלן.
גייט ער באָרוועס, נו, וואָס איז אים?
און סע בלוטיקן די פיס אים,
און די הויט מיט ראצן, שפּאלט זיך...
נישט אַ רגע ער פאַרהאַלט זיך
רק עס ציט אים, ווי מיט צוואַנגען
און ער יאָגט זיך: נו, געגאַנגען!
טריט אַרויף, אַראָפּ אַ נידער
אָט אויף רעכטס, אויף לינקס און ווידער
באַרג אַרויפיק זיך פאַרנומען
און מיט מזל אָנגעקומען...

קלאַפּט דאָס האַרץ אים שטאַרקער, העכער,
— ס'אַרא מויערן און דעכער.
ברייטע זוניקע טעראַסן,
ס'גיבן שלום זיך די גאַסן;
אַרומגענומען שטייען שטיבער,

איינגעקלאָמערט — טאַטע ליבער!
וויל ער אויף אַ קול אויסשרייען;
בין איך שוין אין ירושלים?
איך, איך? אליעזר טאַקע?
און, צו רבי יוחנן בן זכאי —
דער ישיבה דער באַוווסטער,
וואָס פון קינדווייז אָן נאָך גלוסט ער...
ביי די מענטשן ער דערפרעגט זיך,
אויף זיין שוועל אַראָפּגעזעצט זיך,
און פאַר שמחה — ווער קען וויסן —
נעמען הייסע טרערן גיסן...

ווער, ווער וואָלט עס גאָר באַנומען?
אַז סע זיינען זיך גערונען
טרערן שטיל אויף זיינע באַקן —
ווי האָט יוחנן בן זכאי
באַלד דערהערט דאָס — איז אַ וווּנדער,
אַז זיין חדר ז'אָפּגעזונדערט?

נאָר איין רגע און ער שטרעקט אים
שוין אַ האַנט אויס און ער פרעגט אים:
— זונעלע, זאָג וואָס דער מיין איז?
נישט אומזיסט אַזאַ געוויין איז...
ענטפערט אליעזר שטיל זיך —
תורה לערנען, לערנען וויל איך!

פרעגט רבי יוחנן: דעם אמת,
זאָג מיר, וועמענס ביסטו, וועמענס?
שווייגט ער נעבעך. ר'האָט אַ ברירה...

ריידן שלעכטס איז אַן עבירה,
און דעם אמת, קען ער זאָגן
און זיין טאַטן ניט פאַרקלאָגן?

לאָזט רבי יוחנן אים הערן:
— ווו האָסטו ביז איצט געלערנט?
און דערויף אַן ענטפער הערט ער,
כליפּענדיק, צעהאַקטע ווערטער:
—גאָרנישט, זאָגט ער, גאָרנישט ווייס ער,
כאָטש ער איז שוין אַזאַ גרויסער...

איז זיך ר' יוחנן מצער
און ער ווערט אים נאָך מער טייער,
פלעכט אַרום מיט ביידע הענט אים
אין זיין הויז אַריין ער נעמט אים:
— אדרבה, קום און לערן
קום און וועסט מיין תלמיד ווערן.

און ער הייבט מיט אים גלייך אָנעט,
ראשית, קריאת־שמע זאָל ער קאָנען;
דאַווענען, בענטשן, אַלע ברכות;
און, חוץ דעם, צו צוויי הלכות
יעדן טאָג. אויך פון משניות;
לערנט ער, אַז ס'איז אַ חיות!

לויפן טעג נאָך טעג אַריבער,
גיך און פלייסיק מישט ער איבער
בלאַט נאָך בלאַט אין יעדן ספר;
לערנט, לערנט אָן אַן אויפהער
אַכט טאָג — נישט פון אָרט ער רירט זיך...

— זעט נאָר, מאָדנע ווי ער פירט זיך,
— מורמלען די תלמידים, אַלע.
אליעזר וועט דאָ פאַלן,
ווען זשע טרינקט ער? וואָזשע עסט ער?
לערנט, און אָן זיך פאַרגעסט ער...
שטוינען זיי און קוקן, צוקן...
— ר׳איז אַ חולה שוין — מסוכן...

האָט רבי יוחנן דערזען דאָס:
— ס׳טייטש, ווי קען ביי מיר געשען דאָס?
אָט אַזוי אַ זיך פאַרצערן?
מיינס אַ תלמיד זאָל דאָ ווערן
קראַנק חלילה, חס ושלום!
און אַלץ נאָך, און נאָך אַמאָל איבּ
צו זיין טיש ער לאַדט אים איינעט,
נאָר אליעזר, רק ער טענהט —
ניין און ניין, איך וועל נישט עסן!
אין אכסניא שוין געגעסן...

ווערט די זאַך אים זייער קשה
און ער שיקט מיט אַ בקשה
עטלעכע תלמידים זיינע;
זען דאָס אָרט, וו ער שטייט איינעט,
זאָל מען זאָגן אַלץ געניי אים,
צי ער איז דאָרט עפּעס טועם?...

ווו נאָר אַן אכסניא אָפּן
זיינען זיי אַרומגעלאָפן:
איבער געסלעך, איבער וועגן
און געהאַלטן אין איין פרעגן

אַזאַ בחור דאַרט צי קען מען?
— פלינקע די תלמידים זענען
און חברים תמיד גרייטע
גומס טאָן איינער פאַרן צווייטן,
זיינען זיי מיט זאָרג אין האַרצן
און מיט שרעק אַ טאָג אַ גאַנצן
אומעטום זיך אָנגעלאָפן
און אין ערגעץ ניט געטראָפן...

מיט די אויגן שטאַר און טרוקן,
איינער אויפן צווייטן קוקן.
— נו, ווו לויפט מען? און וואָס טוט מען?
ווו נאָך זיין אבסניא זוכט מען?

נאָר צום סוף, אַ נס געשען איז.
שפּעט אין אָוונט שוין געווען איז,
ווייט פאַרוואָרפן אין עק שטאָט שוין,
ווו ס'שווער צו טאָן אַ טראָט שוין —
דאָ אַ בלאָטע, דאָרט אַ גריבל,
אין אַ קליינטשיק אָרעם שטיבל —
קוים מיט צרות אויסגעפונען —

ס'האָט אַן אַלטיטשקע געשפונען
פון אַ קודלע וואָל, צעשויבערט;
ציכטיק, אויסגעוואַשן, זויבער,
גלייכע, דינע פעדעם ווייסע,
און געזאָגט זיי: — הערט אַ מעשה!
אליעזר עסט ניט קיינמאָל,

ניט פֿאַרזוכט אַפֿילו איינמאָל
מיינס אַ מאכל, דאָס פֿאַרמאָגט ער,
בלויז פֿון דעם אַמאָל דאָ נאָגט ער...

יאָ, יאָ! ! — ווייזט זי — פֿון דעם פֿעקל!
און עס האָבן באַלד דעם זעקל
די תּלמידים אויפֿגעריסן
און ביז בלויז אַ ליפֿ פֿאַרביסן.

— ווײַ! וואָס מיר האָבן דערלאָזן,
פֿון אַ הויפֿן וואָרצלען, גראָזן,
זאָל זיך אונדזער חבר שפּייזן?
שטיקער דאַרף מען פֿון אונדז רייסן!

און זיי זיינען, פֿייל פֿון בויגן,
צו רבי יוחנן געפֿלויגן;
מיט צעווייטיקטע געמיטער
פֿון יסורים טיף דערשיטערט,
הייבן זיי אָן גיך דערציילן,
— גאָרנישט ניט פֿאַר אים פֿאַרהוילן —
אַלע פּרטים פֿון זיין ליידן...
און די ווערטער זייערע שניידן
זיך אַריין אין רבינס האַרצן,
נעמט פֿאַר זיינע אויגן שוואַרצן,
טונקל ווערט דאָס גאַנצע חדר
און ער רייסט זיך איין די קליידער,
שאַרפֿע, טיפֿע קריעה־ריסן —
ווײַ איז מיר! איך זאָל עס וויסן!
קרעכצט בן זכאי אַ פֿאַרצאָגטער,

און צו אליעזרן זאָגט ער:
— תלמיד מיינער, זאָג דעם אמת,
וועמעס ביסטו? כאַטש אַ רמז!

און ער, ווי פאַרשולדיקט זיצט ער,
— קען ער אויסזאָגן שוין איצטער?
ווער ס'איז זיין משפחה, קען ער,
און זיי קיינעם נישט פאַרשעמען?
ניין, נישט איצט נאָך, אפשר שפּעטער...
גאָר דער רבי זיינער, זעט ער,
איז מיט עצבות פול געוואָרן,
האָט זיין מראה גאָר פאַרלאָרן;
נעמט בײַם האַרץ אים דריקן, דריקן,
קען ער מער אין זיך ניט שטיקן,
— אין זיין מעמד, ס'איז אים ביטער, —
און קוים, קוים אַ מורמל גיט ער...

מוט רבי יוחנן אַ ציטער,
שפּרינגט אויף ווי אַן אָפּגעבריטער, —
וואָס? פון הורקנוס משפחה?
וואָס איז פול מיט מזל־ברכה;
אָט די גרויסע, די באַרימטע?
כ'האָב אַ האַרבע שטראָף פאַרדינט זיך!...

און פאַר די ליידן האָט זיין רבי
אָט די ברכה אים געגעבן:
— אליעזר, דיך באַלוינען
וועט דערפאַר די קרוין פון קרוינען;
ס'וועט דיין נאָמען זיך פאַרשפּרייטן
פון איין עק וועלט ביזן צווייטן...

---

און דאָרט ווייט, ווייט איבער שטחים
אין דער הורקנוס משפּחה,
וואָס געלעבט האָט זיך אָן זאָרגן.
— טאָג נאָך טאָג באַלד אין פרימאָרגן,
אויפגיין פון די פעלדער פלעגן
זעט און רו פאַר זייערטוועגן.
— האָט אַ צאָרן זיך צעצונדן,
זינט אליעזר איז פאַרשוונדן.
און עס האָבן זיינע ברידער
זיך געבייזערט דאָרט אָן אויפהער;

— נו, ווו איז ער, אליעזר ?
אַזאַ יונג אַ פוילער איז ער,
פון דער פעלד־אַרבעט אַנטלאָפן —
אָ, מ׳דאַרף אים גוט באַשטראָפן !

זאָל דער טאַטע זען אַ תּכלית,
מעביר זיין אים פון די נחלות —
פאָר, און גיב אים דאָרט צו וויסן !
זאָל ער גאָרנישט ניט געניסן,
פון דעם גוטס, וואָס מיר פאַרמאָגן,
זאָל דער טאַטע אים אָפזאָגן !

און זיי כעסן זיך כסדר —
קלערט זיך הורקנוס, בלי נדר,
מע דאַרף מאַכן די נסיעה.
טעג נאָך טעג און וואָכן פליען,
דריי יאָר זיינען שוין פאַריבער,
זינט נישטאָ ער — כ׳קלער אַלץ איבער,
כ׳ווייס גאָרנישט וואָס איז געשען אים,
און אַ צאָרן טוט אַ ברען אים —

אָט אַ זון, אַזאַ בעל העזה!
זיך אַזוי אַוועקצושלאָגן
אויף אַזעלכע ווילדע וועגן,
און ביי קיינעם גאָרניט פרעגן —
נייז, איך קען דאָ מער ניט בלייבן,
און ער נעמט אין וועג זיך קלייבן.

ראשית, דאַרף מען ניט פאַרגעסן,
און דעם אייזל געבן עסן;
זאָל ער בראָמטשקען מיט די ציינער —
אַ געזונט אים אין די ביינער!
פול דער מאָגן, וועט ער האָבן
כוח מיך אויף זיך צו טראָגן,

און דערצו אַזויפיל משא:
לאָגלען ווייַן און לאָגלען וואַסער,
פרוכט און קעז און נאָך צום קייען...
ביז מען קומט קיין ירושלים.
אַ קלייניקייט, אַזויפיל מיילן —
און ס'נעמט הורקנוס זיך איילן...

און די קינדער זיינע קוועלן.
— זאָל אין וועג דיר גאָרניט פעלן
קומען זאָלסטו אַ געזונטער,
טראָגן זיי אים אַלצדינג אונטער
אָט ווי קינדער גאָר געטרייע —
אַלע מאָל אַליך זאַכן נייע.

— טאַטע, נעם די פעלערינע,
טאָמער וועט אין מיטן דרינען
אַ קיל ווינטל נעמען בלאָזן,

ווען עס ווערן פייכט די גראָזן
פול מיט טוי, זאָלסטו חלילה
פון דער קעלט זיך ניט פאַרקילן.
מיט די ברייטע לאַנגע עקן
ביז אַראָפּ זאָלסט זיך פאַרדעקן.
נעם אויך מיט זיך פּירות זיסע,
זאָלסט זיך אַלעמאָל געניסן...

און אויך טעפּיכער געוועבטע,
מיט קאָלירן דורכגעשטעפּטע,
שפּרייט מען אויס אויף אייזלס רוקן,
אי ס'איז ווייך, אי שיין צו קוקן,
און באַקוועם אויף דעם צו רייטן.
ס'הענגט אַראָפּ פון ביידע זייטן,
פון די ברעגעס: פרענדז און שפּיצן,
ווי עס פּאַסט אַ גוט־באַזיצער,
אויסגעשטאַט אַלץ פונעם בעסטן.

מיט אַ זיכער קול, אַ פעסטן,
זאָגט הורקנוס, איך אַ באַגינען:
— איך וועל אים שוין אויסגעפינען,
אַטדעם זון מיינעם, דעם שלעכטן. —
פון אַ משפּט אַ גערעכטן
וועט ער וויסן שוין אַצינדער —
בלייבט געזונט! איר גוטע קינדער,
זאָגט ער שלום זיין משפּחה
און ער זעגנט זיך אויף וואָכן,
צי חדשים, ס'קען פאַרציען
זיך אַמאָל אַזאַ נסיעה...

נישט מען ווייסט אַליין געננוי עס,
וויפל צייט, ווי לאַנג עס דויערט...

— — — — — — — — — — —

אַ פאַרפוצטער און אַ זאַטער,
לאָזט זיך אליעזרס טאַטע
הורקנוס, קיין ירושלים.

רייט ער, נישט דער וועג איז ביי אים,
שוין פון לאַנג אים אַ באַקענטער.
ווייסט ער, ווי אַרום ס'איז נענטער,
ווו אַ שטיין, אַ גרוב, פאַרמיידט ער.
נישט פון דורשט און הונגער ליידט ער.
אויף זיין וויך געבעט ער זיצט זיך
און ער רעדט צו זיך און היצט זיך: —

אין בית־דין איך וועל מיך פלייסן
קעגן מורד, אַלץ באַווייזן;
קעגן זון מיינעם, ס'אַ בושה!
כ'על אָפּזאָגן אים פון ירושה...

און ס'איז הורקנוס פאַרפאָרן
צו זיין פריינד, פון כמה יאָרן,
צו בן־זכאי אויפן הויף, און
ניט פאַרשטאַנען, בשום אופן;
וואָס דאָ טוט זיך? עס ווייזט אויסעט
ס'איז אַ שימחה דאָ אַ גרויסע...
ווער, צו וואָס זאָל זיין די סיבה?
ס'אַ גרויסאַרטיקע מסיבה!

דורך די פענצטער איך קען זען זיי,
אַלע פּנימער כ'דערקען זיי,
אַט די מענטשן פון די שענסטע!
פונעם לאַנד גאָר די פּאָרנעמסטע!

באַלד דערוויסט זיך עס די עדה,
און עס נעמען אַלע ריידן,
שטיל זיך שושקען אויפן אויער,
אַז פאַרפאָרן איז צום טויער —
הורקנוס, דער רייכער.

זאָגט רבי יוחנן: ס'איז גלייכער!
זאָל ער זען אליעזרס גדולה —
עס וועט זיין אַ גוטע פּעולה.
זוכט אים אויס אַן אָרט, דאָס בעסטע,
אויבנאָן דאָ, לעבן די גרעסטע
לייט, וואָס קען ניט זיין שוין גרעסער
און — אַנטקעגן אים: אליעזר.

זעצט זיך הורקנוס אַנידער,
גלאָצט די אויגן, אָבער, ווידער
קוקט ער, קוקט אין אַלע זייטן:
— סאַמע פון די גרעסטע לייט, און
זע נאָר ווער עס גיט אים שלום,
נישט עס האָט זיך אים געחלומט
זיצן, ווען ס'איז אין זיין לעבן
אַזוי נאָנט פון זיי, דערנעבן
זיצט רבי שמעון בן נתנאל,
רבי יהושע בן חנניא.

— ניט געטראַכט דערפֿון גאָר, אָסור!
און דער איז דאָך, רבי אלעזר
בן ערך! און יוסי הכהן!

קען שוין הורקנוס נישט רוען
הייבט פֿון אָרט זיך אַלע ווײַלע,
ס'בריט די ליפּן אים אַ שאלה:
— אַט דער יום־טוב — וויל ער פֿרעגן —
איז דאָס הײַנט, פֿאַר וועמענסוועגן?

און אָט הייבט זיך אויף בן זכאי
מיט אַ שטימע אַ געשמאַקע,
צו אליעזרן רעדט אַריבער:
— נו, מײַן תלמיד, דו מײַן ליבער,
דיר מײַן איך עס, זאָג, אָן מורא,
זאָג פֿאַר אונדז אַ שטיקל תורה — — — —

שפּירט אליעזר ווי אַ פֿיבער
גייט אים דורכן לײַב אַריבער,
מבולבל ווערט ער, אָ, וואָס הערט ער?
זײַנען דאָס בן זכאַיס ווערטער,
און צו אים, צו אים געווענדטע...
אפֿשר איז ער אַ פֿאַרבלענדטער?
ער גאָר? ער גאָר מיט זײַן לשון,
האַלטן זאָל דאָ הײַנט אַ דרשה?
און ער זאָגט מיט גרויס ענווות:
— כק'ען ניט, רבי, ניט איך פּרוּוו עס,
אַז איך האָב אין דיר געפֿונען
אַזאַ טיפֿן לויטערן ברונעם

און פון דיר שעפּ איך מיין וויסן,
ווי זשע קען איך זיך צעפּליסן,
איך, פון זיך אַליין, באַזונדער
פון די טיפע תורה־וווּנדער,
דרשנען כ'זאָל פאַר אַן עדה...
כ'בין ניט ראוי, כ'בין זיך מודה...

הערט רבי יוחנן זיין ריידן
און ער טראַכט זיך: ווי באַשיידן,
ס'ווילט זיך הערן נאָך און נאָך אים
אַזוי רעדט אַ תלמיד חכם.

קוקט ער אויף זיין הדרת־פּנים
און צו אים ער רופט זיך אָנעט —
אליעזר, הער דיין רבין!
איך וועל דיר אַ משל געבן
און דעם נמשל — דאַרפסט ניט זוכן,
צו אַ קוואַל ביסטו געגליכן,
וועד עס וויל קיין מי נישט שפּאָרן,
שפּרודלען זיינע וואַסערן קלאָרע
און פון זיינע לויטערע שטראָמען
טרינקען גאַנצע עדהס קאָנען.
און ער רעדט אים איין און רעדט אים...
דריי מאָל האָט ער אים געבעטן...
קלערט רבי יוחנן — ער שעמט זיך,
און אין דרויסן ער פאַרנעמט זיך.

האָט אליעזר אויפגעשטעלט זיך
און זיין פּנים האָט צעהעלט זיך;

פון זיין מויל נעמט פערל שפריצן,
ווי געפלעפטע בלייבט מען זיצן...
און עס גאַפן, שטוינען אַלע —
ס'ווערט אַ פולע שטוב מיט שטראַלן,
ווי די זון עס שיינט זיין פנים,
אַז ס'איז אים נישט צו דערקאַנען,
אויך זיין טאַטע נישט אַפילו.
און ער פרעגט מיט ווערטער שטילע
ביי זיין שכן — ווער, ווער איז ער?

— ס'איז דיין זון דאָך, אליעזר!
שפרינגט אויף הורקנוס, ווי באַנומען,
— פון מיינע לענדן אַרויסגעקומען?
ווויל איז מיר, וואָס כ'האָב די זכיה!
און די באַקן זיינע גליען
און ער פינטלט מיט די אויגן —
אַזאַ זון האָב איך דערצויגן?

שיינט ער, הורקנוס, פאַר נחת
און זיין אויג און אויער וואַך איז,
און ער בלייבט שוין שטיין אַנטקעגן
פאַר זיין זון — פון כבוד וועגן...

טוט זיך אליעזר שעמען;
— אַז וועסט שטיין, וועל איך נישט קענען
און ער גייט צו — טאַטע ליבער!
זעצט אים נעבן זיך אַנידער —
און ער רעדט און דרשנט ווייטער;
פליען פונקען פון אַ שייטער.

צינדן אַלעמענס געמיטער.
און מע מורמלט: — טאַטע היטער,
אוי, אַ גבורה, אַ בעל־כּוח!
אַ געזונט אים אין זיין מוח!
און ס'לויפט ווער אויף גיך אַרויסעט
רופן יוחנן פון דרויסן —

זאָגט בן זכאי — ער צעפלאַקערט:
אָט, ווי אליעזר אַקערט,
דורך די טיפע תורה־בייטן,
איז מחנה אונדז פון גרייטן...

אָ, מיין זון! — האָט נאָך דער דרשה —
הורקנוס, מיט אַ בקשה,
ביידע הענט אים אָנגענומען.
— וויסן זיי, איך בין געקומען
אָפּצוזאָגן דיר ביים לעבן,
און דיין ירושה חלק געבן
דיינע ברידער. זאָל מען הערן,
אַז פון איצט אָן וועסטו ווערן
דו, מיין יורש. זיי — אַ האָר נישט!
אַלץ פאַר דיר בלויז.
און זיי גאָרנישט.

— אָ, ניין, פאָטער, נישט איך וויל עס,
זאָגט אליעזר, ניין, חלילה!
און ביים האַרץ עס נעמט אים קלעמען.
— כ'וועל נישט ביי די ברידער נעמען,
נישט עס איז מיר וואָס געפעלן...

וואָלט איך גאָלד צו לאַנד נאָר וועלן,
וואָלט דער אייבערשטער דערלאַנגען
מיר בשפע גאָלד און זאַנגען.
אַז פון אַלע אוצרות האָט ער,
פון דער וועלט איז ער דער פאָטער...
אָבער איך האָב איב געבעטן,
זאָל זיין חסד מיך אַ גלעט טאָן,
און איך זאָל דערזען, דערשפירן
אויפגעפראַלט די תורה־טירן.
פון פאַרבלענד איך זאָל ניט פאַלן
אין די גליטשיק טיפע זאַלן.
כ׳האָב געגאַרט דאָס ליכט פון זונען —
און דאָס גליק האָב איך געפונען.

איז ר׳ יוחנן באַלד צוגעקומען
און אים היים אַרומגענומען
און אין קאָפּ געטאָן אַ קוש אים...
זעען אַלע מיט די חושים —
אַ נייַ ליכט איז אויפגעגאַנגען.
אין אַ שטראַלן נעץ געפאַנגען
שטייט אליעזר, אויסגעצויגן
און עס לויכט פון זיינע אויגן:
פּערל, דימענטן, סאַפּירן,
ווער ווייסט ווי ס׳הייסט אַזאַ צירונג?

זאָגט בן זכאי, און קוקט אָן אים:
— שטעלן זאָל מען די חכמים
אַלע אויף איין וואָגשאָל ברייט. און
אליעזרן אויף אַ צווייטן,
איז עס גאָרנישט אָפּצופרעגן —
ער וועט אַלעמען איבערוועגן.

ווי פון אַ קאַלך־גרוב, רבותי!
נישט איין טראָפּן רינט אַרויסעט —
אַזוי קען נישט פאַרלוירן ווערן
נישט איין וואָרט, פון וואָס ער לערנט.

ווי אַ קאַלך־גרוב — אַזאַ איז ער;
אויסדערוויילטער אליעזר —
ביסט מיין תלמיד! און דערפאַר איז
גרויס מיין שמחה און מיין שכר איז,
וואָס דיין נאָמען וועט געדייען,
און דיין ביישפּיל וועט דערפרייען
קינדערלעך פון אַלע דורות, —
תורה — איז די בעסטע סחורה!...

# אינהאַלט

## א ג ד ו ת

איך דריק דאָ אויס מיין האַרציקסטן דאַנק די אַלע דאָ דערמאָנטע פריינט, וועלכע האָבן מיר מיטגעהאָלפן מיט זייער מאַטעריעלער באַשטייערונג און פערזענלעכער מי און דורך דעם דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון דאָזיקן בוך.

איסאַק פּאָכאָמאָווסקי און פרוי
ברידער פּאָכאָמאָווסקי
דוויד און מאַטילדע גערמאַן
מאַקסימאָ קופּערשמידט און פרוי
יעקב און אַדעלאַ וואָראָבעטשיק
נחום און גיטל ברזובסקי
סימאָן אָרנשטיין און פרוי
מאַרקאָס פּיפּמאַן און פרוי
יצחק יהודה און רבקה גראָסמאַרק
יוסף און באַשע גולמאַן
ברידער שולמאַן
ברידער איוואַן
שמאי און פריידע טראַכטער
אָשר און גיטל גראָקאָף
בצלאל און רבקה קוטנער
סנדר ראָזענבאַך און פרוי
שרה לעווין (אין אָנדענק פון איר מאַן נחום ע"ה)
מאיר אַלבוס און פרוי

עזרא טעובאַל און ברידער
2טע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיווע
קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע „לאַ אַמיסטאַד"
דוויד הירש און פרוי
סימאָן סאַווראַנסקי און פרוי
אַאידאַ קאַזשעם
גאָלדשטיין און ביעלסקי
יצחק באַנדאַר (אין אָנדענק פון זיין חברטע אירענע ע"ה)
ברידער הערשהאָרן
משה טריק און פרוי
משה און באַשע סאָלמעסקי
עליסאַ פריימאַן דע אָסיפּאָף
לאה רעסעל דע ווייס
סימאָן און לאה מאַרסיק
עלקע ליאַד־גרינשפּאָן (אין אָנדענק פון איר ברודער משלום ע""ה)
נתן אָריאָוויטש
ברוך געלבלאַט און פרוי

באָריס קנאָבל און פרוי
משה ווינאָגראַד און פרוי
מ. קוליגאָווסקי און פרוי
שמעון און שיינע קירשמאַן
מאַניע מעללער (אין אָנדענק פון איר מאַן משה ע"ה)
אברהם און צביה מינוכין
אברהם און שרה פייפערמאַן
לוי יצחק נעמיראָווסקי
הירש און חיה יעזערניטצקי
רחל לעווקאָוויטש (אין אָנדענק פון איר מוטער חנה איטל דווילאַנ־סקאַ ע"ה)
צבי און ליבע רובינפעלד

בנימין פיסעצקי און פרוי
פייגין־רוטענבערג
יצחק ביסטראָוויטש און פרוי
חיים און פאָלאַ פאַפּאָווסקי
הערש און פאַני קעללער
מינאַ סטיער
טילי טורכאַנסקי
עלסאַ זעלצער (אין אָנדענק פון איר פאָטער לעאָן קאַרפּעלאָווסקי ע"ה)
לעאָן און לייזער קאַנטאָר
אברהם קאָפּעלאָוויטש און פרוי
יוכבד וואָלמאַן
שאַלקאָוויטש און פרוי

---

Impreso en ıa Argentina

Printed in Argentine

Hecho el el depósito que marca la

Ley 11.723

---

Este libro se terminó de imprimir el día 5 de diciembre de 1957, en los Talleres Gráficos JULIO KAUFMAN, S. R. L., Avenida Corrientes 1976, Buenos Aires, República Argentina

MARTHA STUKER DE PAIUK

# GUT - YOMTOW

*(Felices Fiestas)*

POESIAS PARA NIÑOS Y POEMAS DE LA AGADA

Buenos Aires

República Argentina

1 9 5 7